# הערצל און זיין דור

## אידישע פערזענלעכקייטן
## אין הערצל׳ס טאָג־ביכער

אָפּקלייב פון הערצל׳ס טאָג־ביכער

אַריינפיר, אידישע איבערזעצונג און באַמערקונגען

פון א. אַלפּערין

פאַרלאַג

אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד

ניו־יאָרק

1959

# פערזענלעכקייטן

## אין דער רייע ווי זיי ווערן דערמאָנט:


באַראָן מאָריס דע הירש.......................... 9
דר. מאַקס נאָרדוי.......................... 15


### די ראָטשילד׳ס:


באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד.......................... 20
לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד.......................... 25


### ערשטע טרוימער און קעמפער:


ישראל זאַנגוויל.......................... 30
קאָלאָנעל אַלבערט עדוואַרד גאָלדסמיט.......................... 32
סער סעמיועל מאָנטאַגיו.......................... 37
די ברידער מאַרמאָרעק.......................... 39
יוחנן קרעמענעצקי.......................... 40


### אַמעריקאַנער פערזענלעכקייטן:


דר. יעקב דע האַז.......................... 42
מיכאל סינגער.......................... 43
פּראָפ. ריטשאַרד גאָטהייל.......................... 44
אָסקאַר ס. שטראַוס.......................... 44
יעקב ה. שיף.......................... 45


### רוסישע ציוניסטן:


לעאָן שאַליט.......................... 51
ס. באַרבאַש.......................... 51
דר. ניסן קאַצענעלסאָן.......................... 51
ס. י. זאַקס.......................... 51
מנחם אוסישקין.......................... 52
פּראָפ. מאַקס מאַנדעלשטאַם.......................... 52
דר. יעקב כהן־בערנשטיין.......................... 52
דר. צבי ברוק.......................... 53
יעקב בן־יעקב.......................... 54
דר. וויקטאָר יאַקאָבסאָן.......................... 55
פּראָפ. גריגאָרי — צבי בעלקאָווסקי.......................... 55
דר. יחיאל טשלענאָוו.......................... 55
דר. איוואַנאָוויצקי.......................... 56
איזידאָר יאַסינאָווסקי.......................... 57
לואי לעווי.......................... 57
הרב י. י. ריינעס.......................... 57
דוד וואָלפסאָן.......................... 57

# אַ קורצע הקדמה

די טאָג־ביכער פון דר. טעאָדאָר (בנימין זאב) הערצל נויטיקן זיך ניט אין קיין לאַנגען אַריינפיר און באַזונדערע דערקלערונגען. „אונזער אידייע איז אַזוי גרויס און אַזוי דערהויבן, אַז מיר ווילן רעדן וועגן איר אין די פּשוטסטע ווערטער" — האָט דער גרינדער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע געזאָגט אין זיין היסטאָרישן אַרויסטריט ביים ערשטן קאָנגרעס אין באַזעל אין 1897. דאָס זעלבע איז ריכטיק אויך בנוגע הערצלס טאָג־ביכער. זיי רעדן פאַר זיך אַליין. זיי שפּיגלען־אָפּ אויף דעם פּשוטסטן און קלאָרסטן אופן די גרויסקייט פון הערצלען, פון זיינע מחשבות און מעשים.

שרייבנדיק זיינע טאָג־ביכער — וואָס זיינען אַ הערלעכער און אַ טיף־מענטשלעכער, אידישער און ציוניסטישער דאָקומענט — האָט הערצל געהאַט דאָס שטאַרקע געפיל, אַז דאָס, וואָס ער פאַרטראַכט און טוט פאַר דער לייזונג פון דער דורות־אַלטער אידן־פראַגע, וועט אַריין אין דער אידישער געשיכטע און וועט אַליין ווערן געשיכטע. דער שאַרפסטער און בולטסטער באַווייז זיינען די נביאישע ווערטער, וואָס ער האָט אויפגעשריבן פאַר זיך אַליין באַלד נאָך דעם ערשטן קאָנגרעס אין באַזעל — די ווערטער, וועלכע ער האָט נאָך דעמאָלט געוואָלט באַהאַלטן פון דער עפנטלעכקייט און וואָס לייענען זיך שוין איצט ווי דער „בראשית" פון דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניסטישן חלום: „אין באַזעל האָב איך געגרינדעט די אידישע מדינה. ווען איך זאָל דאָס זאָגן היינט, וואָלט מען מיך באַגעגנט מיט אַן אוניווערסאַלן געלעכטער. אפשר אין פינף יאָר אַרום, און זיכער אין פופציק יאָר אַרום וועט דאָס יעדער איינער איינזען" (הערצלס טאָג־ביכער, 3טן סעפּטעמבער, 1897).

איצט זעען דאָס שוין אַלע. און איצט איז אויך שוין קלאָר און באַשיינ־פּערלעך דער היסטאָרישער זין פון אַנדערע געדאַנקען, באַמערקונגען, אויס־פירן, וואָס וואַרפן זיך דורך און בליצן אַרויס כמעט פון יעדער פאַרצייכענונג, וואָס דער געניאַלער אויטאָר פון „אידנשטאַט" האָט אַריינגעטראָגן אין זיינע טאָג־ביכער.

דער לייענער פון דער בראָשור וועט דאָ האָבן פאַר זיך בלויז אַ קיצור פון הערצלס גרויס, אינטים ווערק. מיר גיבן דאָ אַ קורצן אויסקלייב פון די טאָג־ביכער, וואָס הערצל האָט אָנגעהויבן פירן אין יוני 1895 — ווען עס האָט אויפגעוואַכט אין אים די אידייע וועגן אַ פּאָליטישער לייזונג פון דער אידן־פראַגע דורך דער ווידעראויפריכטונג פון דער אידישער מדינה — און האָט זיי איבערגעריסן אין מאַי 1904, קורץ פאַר זיין פריצייטיקן טויט. די טאָג־ביכער — זעכצן אין צאָל — נעמען אַרום אין דעם דייטשן אָריגינאַל 1830 זייטן.

הערצל — געבוירן דעם 2טן מאַי 1860 אין פּעסט, אונגאַרן — האָט אָנגעהויבן פירן זיינע טאָג־ביכער, ווען עס איז געשען אין אים דער גייסטיקער איבערברוך, און אונטערן איינפלוס פון דער דרייפוס־אַפערע און דרוק פון

אַנטיסעמיטיזם האָט ער געגומען „פאַרטראַכטן זיך וועגן אידן", ווי ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט. דאָס האָט אים גיך דערפירט צו דער אידייע פון אידנשטאַט, ווי די לייזונג פון דער אידן־פראַגע. און דאַן האָט ער אין זיין צימער אין האָטעל דע־קאַסטיל אין פּאַריז — וואו ער איז געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ווינער „נייע פרייע פּרעסע" — זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין שרייב־טיש, גענומען אַ נאָטיץ־בוך און אויפגעשריבן אויף דער ערשטער זייט: „די אידן־פראַגע: ערשט בוך". דאָס איז געווען דער אָנהויב פון די טאָג־ביכער.

און פון דעמאָלט אָן — פון יוני 1895 — האָט הערצל רעגולער און אָפט־מאָל זייער אויספירלעך פאַרשריבן אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעטראַכט און אונטערגענומען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם דורך דער ווידערויפ־ריכטונג פון דער אידישער מדינה. אין די זעכצן טאָג־ביכער גייען פאַרביי די באַזונדערע תקופות און די גרויסע געשעענישן אין הערצלס אומגעוויינט־לעך־אינטענסיוון לעבן און אומגעהויער־אָנגעשטרענגטער אַרבעט אין די ניין שטורמישע יאָר — ביז צו זיין פּריצייטיקן טויט, דעם 3טן יולי (כ׳ תמוז) 1904. איינע נאָך דער אַנדערער האָבן גיך נאָכגעפאָלגט די וויכטיקע היסטאָרישע אַנטוויקלונגען אויף הערצלס לעבנס־וועג אין דער קורצער צייט:

די דראַמאַטישע ווענדונג צום באַראָן מאָריס דע־הירש — דעם גרעסטן אידישן פילאַנטראָפּ פון 19טן יאָרהונדערט — וועגן הילף פאַר דער אידנשטאַט־אידייע; דאָס צוגרייטן די „רעדע צו די ראָטשילדס", פון וועלכער עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן הערצלס „דער אידנשטאַט", וואָס האָט געמאַכט אידישע און וועלט־געשיכטע; די לאַנגע און שווערע באַמיאונגען ביי די ראָטשילדס; די אָרגאַניזירונג פון דער ציוניסטישער מאַסן־באַוועגונג; דער ערשטער ציוני־סטישער קאָנגרעס; די גרויסע פּאָליטישע אַקציע: אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אין לאָנדאָן, ביים דייטשן קייזער; די רייזע קיין ארץ־ישראל; נייע רייזע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און ענדלעך — די אוידיענץ ביים סולטאַן; דער פּראָיעקט וועגן אַ אידישער קאָלאָניזאַציע אויפן האַלבאינזל סיני (על־אַריש־פּלאַן); רייזע קיין פּעטערבורג און פאַרהאַנדלונגען מיט די צאַרישע מיניסטאָרן; אומ־פאַרגעסלעכער (לויט הערצלס אייגענעם אויסדרוק) באַזוך אין ווילנע; אוגאַנדע־פּלאַן; שטורמישער זעקסטער „אוגאַנדע"־קאָנגרעס; שווערע אינערלעכע קאָנ־פליקטן אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און נייע פיבערהאַפטע פּאָ־ליטישע אָנשטרענגונגען אין רוים, ביים איטאַליענישן קעניג און ביים פּויפּסט; און — אַ שטיקל פּאַפּיר מיט דער אויפשריפט פון אַ ציטאַטע אויף ענגליש: „אינמיטן לעבן קומט דער טויט" — וואָס הערצל האָט איבערגעלאָזט אויף זיין שרייב־טיש אין ווין פאַרן אַוועקפאָרן אַ שווער־קראַנקער קיין עדלאַך, אין די סעמערינג־בערג, וואו ער האָט אויף אייביק פאַרמאַכט זיינע טיפע פאַרחלומ־טע אויגן.

* * *

פאַר דעם שטאַרקן צמצום פון הערצלס טאָג־ביכער, וואָס ווערט דאָ אי־בערגעגעבן דעם לייענער, איז אויסגעקליבן געוואָרן די פאָרעם פון „הערצל און זיין דור — אידישע פּערזענלעכקייטן אין הערצלס טאָג־ביכער". אין שפּיגל פון דעם, וואָס דער ציוניסטישער מנהיג און פאָטער פון דער אידישער מדינה

האָט פאַרשריבן וועגן זיינע באַגעגענישן, פאַרהאַנדלונגען, קאָנפליקטן און צו־זאַמענאַרבעט מיט די וויכטיקסטע אידישע קעפּ פון זיין צייט און מיט די ראשונים פון דער ציוניסטישער באַוועגונג — קומען אַרויס בולט אין פאָדערגרונט די גרויסע פאָלקס־אידייע און דער דראַמאַטישער געראַנגל פאַר איר פאַרווירקלעכונג. עס איז איין גרויסע נאַציאָנאַלע דראַמע, און אַלע באַטייליקטע אין איר זיינען די העלדן פון דעם דור, וואָס האָט באַשלאָסן אַליין צו נעמען דעם גורל פון פאָלק אין זיינע הענט — אויפן וועג צו אויסלייזונג.

ניט אַלע העלדן האָבן אין דעם דאָזיקן קיצור פון הערצלס גרויס געשיכט־לעך ווערק געקענט אַרויסגעבראַכט ווערן. אינאיינעם מיט דעם קורצן אויס־קלייב פון די פאַרצייכענונגען אין די טאָג־ביכער האָט אויך געמוזט געמאַכט ווערן אַ באַגרענעצטער אויסוואַל פון די פערזענלעכקייטן, וואָס הערצל האָט דערמאַנט. און דער לייענער וועט דאָ האָבן פאַר זיך בלויז די וויכטיקסטע, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי דער זייט פון הערצלען אָדער האָבן געקעמפט קעגן אים אויף דער אַרענע פון דעם היסטאָרישן געראַנגל פאַר דער אידייע פון דער אידישער מדינה.

הערצלס טאָג־ביכער זיינען אין אַלגעמיין ניט גענוג באַקאַנט דעם אידישן לייענער. און עס איז אַ גרויסער שאָדן. די טאָג־ביכער זיינען דער ערשטער — און זיכער אויך דער וויכטיקסטער — מקור פאַר דער געשיכטע פון ציוניזם. די צייט וועט אפשר קומען פאַר אַרויסגעבן הערצלס ווערק אין דעם פולן, ניט אָפּגעקירצטן אינהאַלט, אין אַ אידישער איבערזעצונג פאַר דעם אידישן מאַסן־לייענער. (די אויסצוגן, וועלכע ווערן דאָ געבראַכט, זיינען אַלע פון הערצלס טאָג־ביכער, אַ חוץ די לעצטע צוויי: איינער פון הערצלס בריוו צו וואָלפסאָנען קורץ פאַר זיין טויט; און דער צווייטער — פון וואָלפסאָנס הספּד ביי דער לוויה פון הערצלען).

אין דריק אויס מיין דאַנק דעם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד — און בפרט זיין איבערגעגעבענעם און געטרייען גענעראַל־סעקרעטאַר, מיין ליבן חבר לואי סיגאַל, עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע — פאַר דער לויבנסווערטער איניציאַטיוו צו שאַפן די מעגלעכ־קייטן אַרויסצוגעבן אָט דעם קיצור פון הערצלס טאָג־ביכער, צו דער גע־לעגנהייט פון דער פייערונג פון הונדערטסטן געבוירנטאָג פון דעם באַשאַפער פון פּאָליטישן ציוניזם.

א. אַלפּערין

# באַראָן מאָריס דע־הירש

די ערשטע אידישע פּערזענלעכקייט, וואָס ווערט דערמאָנט אין הערצלס טאָג־ביכער, איז באַראָן מאָריס דע־הירש (געבוירן אין 1831 גע־שטאָרבן אין 1896), איינער פון די גרויסע מולטי־מיליאָ־נערן פון 19טן יאָרהונדערט, אַ באַרימטער פילאַנטראָפּ, וועלכער האָט מיט זיינע אייגענע מיטלען געשאַפן אין יאָר 1891 די אידישע קאָלאָני־זאַציע געזעלשאַפט „איק״א״ („דזשואיש קאָלאָניזיישאָן אַסאָסיאיישאָן״) פאַר גרינדן די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע און באַ־זעצן דאָרט אידן.

אָנהויבנדיק באַשעפטיקן זיך מיט דער אידן־פראַגע און קומענדיק צו דער אידייע וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ אידישער מדינה, האָט הערצל איין טאָג באַשלאָסן אַריבערצוגיין צו פּראַקטישע אַרבעט פאַר דער פאַר־ווירקלעכונג פון זיין פּלאַן. און דעם אָנהויב האָט ער געמאַכט מיט ווענדן זיך צו באַראָן הירשן.

פּאַריז, אָנהויב יוני 1895.

**— — — פלוצלונג האָב איך איין טאָג געשריבן אַ בריוו צו באַראָן הירשן, וועלכער האָט זיך אַליין באַשעפטיקט מיט די אידן אויף אַזאַ אויפ־פאַלנדיקן אופן און אין דעם שטייגער פון אַ גרויסן מיליאָנער. נאָכדעם, ווי איך האָב פאַרענדיקט דעם בריוו, האָב איך אים געלאָזט ליגן און איבערשלאָפן פערצן טעג און נעכט. און ווען דער בריוו האָט מיר אויך נאָך דער דאָזיקער צייט ניט אויסגעזען צו זיין נאַריש און זינלאָז, האָב איך אים אָוועקגעשיקט.**

באַראָן הירש האָט געענטפערט הערצלען און אים פאָרגעשלאָגן, אַז ער זאָל אים אָנשרייבן, וואָס ער האָט בדעה צו זאָגן. הערצל האָט געשריבן צו הירשן אַ צווייטן בריוו, דערקלערנדיק אים, אַז אַ פּערזענלעך געשפּרעך וואָלט, לויט זיין מיינונג, געווען אַ סך געוואונטשענער. באַראָן הירשס צווייטער ענטפער איז געווען, אַז ער איז גרייט אויפצונעמען הערצלען, ביי זיך אין פּאַריז. די באַ־געגעניש איז פאָרגעקומען זונטיק, דעם 2טן יוני 1895.

פּאַריז, אָנהויב יוני 1895.

**— — — איך בין געפאָרן אויף רי דע ל׳עליזעי. אַ פּאַלאַץ. עשירות ווירקט אויף מיר בלויז אין דער פאָרעם פון שיינקייט. און דאָ איז אַלץ געווען עכט אין דער שיינקייט.**

**איך בין קוים געווען אין בילאַרד־זאַל, איז הירש אַרויסגעקומען פון זיין שרייב־צימער, האָט מיר דערלאַנגט גיך און צעטומלט די האַנט, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן, האָט מיך געבעטן אַ ביסל צוואַרטן, און איז ווידער פאַרשוואונדן.**

**צוויי אָנגעשטעלטע זיינען אַרויסגעקומען. איינעם, וועלכן איך האָב גע־קענט, האָב איך דערלאַנגט די האַנט. דאַן האָב איך געזאָגט צום באַראָן: „האָט**

איר פֿאַר מיר אַ שעה צייט? אויב ניט אַמווינציקסטן אַ שעה, וועל איך בעסער גאָרניט אָנהויבן. אַזוי פֿיל צייט דאַרף איך האָבן, בכדי איך בלויז אָנצודייטן, וואָס איך האָב אייך צו זאָגן".

ער האָט געשמייכלט: „הויבט נאָר אָן".

איך האָב אַרויסגענומען מיינע נאָטיצן: „— — — אַ טייל פֿון דעם, וואָס איך וועל אייך באַלד זאָגן, וועט איר באַטראַכטן פֿאַר צו־איינפֿאַך. און אַן אַנדערן טייל פֿאַר צו־פֿאַנטאַסטיש. אָבער מענטשן ווערן געפֿירט פֿון דעם, וואָס איז פּשוט און פֿאַנטאַסטיש. עס איז צום שטוינען — און אויך גוט באַקאַנט, מיט וויפֿיל ווייניק פֿאַרשטענדעניש די וועלט ווערט רעגירט.

„אמת, איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט די קלענסטע נייגונג צו באַשעפֿטיקן זיך מיט דער אידן־פֿראַגע. אויך איר האָט אין אָנהויב ניט געטראַכט וועגן ווערן אַ באַשיצער פֿון אידן. איר זענט געווען אַ באַנקיר, פֿאַרנומען מיט וויכ־טיקע און גרויסע געשעפֿטן. און איצט גיט איר אַוועק אייער צייט און אייער געלט פֿאַר דער אידן־פֿראַגע. אַזוי בין אויך איך געווען פֿון מיין פּראָפֿעסיע אַ שרייבער און אַ זשורנאַליסט, און האָב ניט געטראַכט וועגן אידן. אָבער מיינע דערפֿאַרונגען, באַאָבאַכטונגען און דער וואַקסנדיקער דרוק פֿון אַנטי־סעמיטיזם האָבן מיך געצוואונגען אָפּצוגעבן זיך מיט דעם ענין.

„איך וועל ניט אַריינגייען אין דער געשיכטע פֿון אידן, מיט וואָס איך האָב געוואָלט אָנהויבן. זי איז גוט באַקאַנט. אָבער איין זאַך מוז איך באַטאָנען. אין פֿאַרלויף פֿון אונזערע צוויי טויזנט יאָר פֿון צעזייטקייט האָבן מיר קיינמאָל ניט געהאַט קיין פֿאַראייניקטע פֿירערשאַפֿט אין אונזער פּאָליטישן לעבן. איך באַטראַכט דאָס פֿאַר אונזער הויפּט־אומגליק. דאָס האָט אונז געבראַכט מער שאָדן, ווי אַלע פֿאַרפֿאָלגונגען. דאָס האָט אונז אינערלעך רואינירט און דעמאָ־ראַליזירט. ווייל עס איז ניט געווען קיינער, וועלכער זאָל אונז דערציען פֿאַר מענטשן, וואָס זאָלן גיין גלייך און שטאָלץ זייער וועג. פּונקט להיפּוך. מיר זיינען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין יעדן מין פֿון שלעכטע פּרנסות. מען האָט אונז געהאַלטן פֿאַרשפּאַרט אין געטאָס, וואו מיר האָבן פֿאַר׳מיאוס׳ט איינער דעם אַנדערנס לעבן. און ווען מען האָט אונז אַרויסגעלאָזט פֿון די געטאָס, האָט מען פּלוצלונג געוואָלט, אַז מיר זאָלן מיטאַמאָל האָבן אַלע געוואוינהייטן פֿון דער פֿרייהייט.

„ווען מיר וואָלטן אָבער געהאַט אַ פֿאַראייניקטע פּאָליטישע פֿירערשאַפֿט, וועמענס נויטווענדיקייט מען דאַרף ניט מער באַווייזן, און וועלכע זאָל בשום אופֿן ניט פֿאַרטרעטן קיין געהיימע געזעלשאַפֿט — ווען מיר וואָלטן געהאַט אַזאַ פֿירערשאַפֿט, וואָלטן מיר אַליין געקענט צוטרעטן צו לייזן די אידן־פֿראַגע.

„און דער ציל, וועלכן מיר וועלן זיך שטעלן, ווען מיר וועלן האָבן אַזאַ צענטער, אָדער אַזאַ קאָפּ, וועט באַשטימען די מיטלען.

„צוויי צילן קענען זיין. אָדער בלייבן, אָדער אויסוואַנדערן.

„פֿאַרביידע וועט זיין נויטיק אין אַ געוויסער מאָס דערזעלבער אופֿן פֿון פֿאָלקס־דערציאונג. ווייל אויב אפֿילו מיר זאָלן אויסוואַנדערן, וועט עס דויערן אַ לאַנגע צייט, ביז מיר וועלן אָנקומען אין צוגעזאָגטן לאַנד. משה האָט געדאַרפֿט האָבן פֿערציק יאָר. מיר וויעלן זיך נויטיקן אפֿשר אין צוואַנציק

אָדער דרייסיק. אין יעדן פאַל וועלן אינצווישן אויפשטיין נייע דורות, וועלכע מיר וועלן דאַרפן דערציען פאַר אונז אַליין.

„און פאַר דער דאָזיקער דערציאונג וויל איך גלייך אין אָנהויב איינפירן אַנדערע מעטאָדעס, ווי איר האָט.

„קודם־כל איז פאַראַן דער פּרינציפּ פון פילאַנטראָפּיע, וועלכן איך האַלט פאַר דורכאויס פאַלש. איר מאַכט אויפוואַקסן שנאָרערס. עס איז כאַראַקטעריס־טיש, אַז קיין שום אַנדער פאָלק האָט ניט אַזויפיל פילאַנטראָפּיע, און אַזויפיל שנאָרערס, ווי די אידן. און עס מוז זיך שאַפן ביי איינעם דער איינדרוק, אַז עס דאַרף זיין אַ צוזאַמענהאַנג צווישןביידע דערשיינונגען. אַזוי אַז צוליב דער פילאַנטראָפּיע ווערט דעמאָראַליזירט דער כאַראַקטער פון פאָלק".

ער האָט מיך איבערגעריסן: „איר זענט אינגאַנצן גערעכט".

איך האָב פאָרגעזעצט:

„מיט יאָרן צוריק האָב איך געהערט, אַז אייערע עקספּערימענטן מיט אידן אין אַרגענטינע האָבן ניט געבראַכט קיין שום רעזולטאַטן, אָדער בלויז שלעכטע.

„— — — אָבער אין יעדן פאַל האָט אייער פּראָיעקט קיינמאָל ניט גע־דאַרפט אָנגעהויבן ווערן אַזוי ווי איר האָט דאָס געטאָן. איר האָט אַוועקגעשלעפּט אַהין אָט די אידן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט. און זיי מוזן גלויבן, אַז זיי האָבן ווייטער דאָס רעכט צו באַקומען אייער שטיצע. און גראָד דאָס העלפט ניט צו פאַרשטאַרקן זייער חשק צו אַרבעטן. וויפיל אַזאַ עקספּאָרט־איד זאָל אייך ניט קאָסטן, איז ער עס ניט ווערט. און וויפיל אַזעלכע עקזעמפּ־לאַרן קענט איר בכלל אַריבערפירן אַהין? פופצן, צוואַנציק טויזנט! אין איין גאַס אין לעאָפּאָלדשטאָט (אידישער קוואַרטאַל אין ווין) וואוינען מער. ביין, מען קען בכלל ניט אָנווענדן קיין דירעקטע מיטלען פאַר באַוועגן גרויסע מאַסן מענטשן. איר קענט ווירקן בלויז מיט אומדירעקטע מיטלען.

„מיט צוואַנציק טויזנט אַרגענטינער אידן האָט איר נאָך גאָרניט באַוויזן, ווען אפילו עס וועט זיי גיין גוט. אָבער ווען עס וועט זיין אַ דורכפאַל, וועט איר האָבן צוגעשטעלט אַ שרעקלעכן באַוויז קעגן די אידן.

„גענוג מיט קריטיק. וואָס דאַרף מען טאָן?

„צי זיי זאָלן בלייבן אָדער אויסוואַנדערן, דאַרף מען די אידישע מאַסן קודם־כל אויסבעסערן אויף דיזעלבע ערטער, וואו זיי געפינען זיך איצט. מען דאַרף זיי מאַכן קאַמפּס־פעאיק, אַריינגעבן אין זיי די פרייד פון אַרבעט, און זאָלן זיי זיך אָנהויבן פירן מיט שענערע מידות. און דערנאָך זאָלן זיי אויס־וואַנדערן — אויב עס וועט זיין נויטיק.

„אָבער פאַר דער דאָזיקער אויסבעסערונג קענט איר אייערע מיטלען פאַרווענדן מיט מער נוצן, ווי איר האָט דאָס געטאָן ביז איצט. — — —"

דאָ האָט ער זיך שוין אָנגערופן צו מיר אין אַ מילדן טאָן, ווי איך וואָלט אים געהאַט געבעטן, אַז ער זאָל מיר געבן אַ שטעלע אין זיין באַנק־הויז:

„איך קען זען, אַז איר זענט אַן אינטעליגענטער מענטש".

איך האָב בלויז געשמייכלט צו זיך אַליין. אַזעלכע עניינים ווי מיין פּלאַן, שטייען העכער פון אייגנליבע. איך וועל נאָך זען און הערן פאַרשיידענע זאַכן.

און הירש האָט פאַרענדיקט זיין לויב: „אָבער איר האָט אַזעלכע פאַנטאַס־טישע איינפאַלן!"

דאָ בין איך שוין אויפגעשטאַנען: „האָב איך דען אייך פריער ניט געזאָגט, אַז דאָס וועט אייך אויסווייזן צו זיין אָדער צו־פשוט, אָדער צו־פאַנטאַסטיש? איר ווייסט ניט, וואָס עס איז אַזוינס דאָס פאַנטאַסטישע, און אַז די גרויסע כאַראַקטער־שטריכן פון מענטשן קען מען באַטראַכטן נאָר פון אַ געוויסער הויך".

ער האָט ווייטער געזאָגט: „אויסוואַנדערן וואָלט געווען דאָס איינציקע. עס זיינען פאַראַן גענוג לענדער צו קויפן".

איך האָב כמעט ווי אויסגעשריען: „יאָ, אָבער ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך וויל ניט אויסוואַנדערן. דאָ שטייט עס, אין די דאָזיקע נאָטיצן. — — —"

הירש האָט זיך אָנגערופן: „פון וואַנען וועט איר קריגן דאָס געלט? ראָט־שילד וועט אונטערשרייבן אויף פינף הונדערט פראַנק".

„דאָס געלט?" — האָב איך געזאָגט, לאַכנדיק און רעדנדיק אים אַנטקעגן — „איך וועל צונויפזאַמלען אַ נאַציאָנאַלע אידישע הלוואה פון צען ביליאָן מאַרק".

„אַ פאַנטאַזיע!" — האָט דער באַראָן געשמייכלט — „די רייכע אידן וועלן גאָרניט געבן. די רייכע זיינען שלעכטע מענטשן. זיי אינטערעסירן זיך ניט מיט דיליידן פון די אָרעמע".

„איר רעדט ווי אַ סאָציאַליסט, באַראָן הירש!"

איך בין טאַקע אַ סאָציאַליסט. איך בין גרייט אין איין מאָמענט אַלץ אַוועקצוגעבן, ווען אויך די אַנדערע וועלן דאָס מוזן טאָן".

„איך האָב זיין היפּשן איינפאַל ניט גענומען ערנסטער, ווי ער איז געווען געמיינט. און איך האָב אָנגעהויבן זיך געזעגענען. ער האָט מיר נאָך געזאָגט:

„דאָס איז ניט געווען אונזער לעצט געשפּרעך. ווי נאָר איך וועל צוריק־קומען פון לאָנדאָן, וועל איך אייך לאָזן וויסן".

„ווען איר ווילט".

צומאָרגנס, מאָנטיק, דעם 3טן יוני 1895, האָט הערצל געשריבן צו הירשן אַ לאַנגען בריוו, אין וועלכן ער האָט צווישן אַנדערן אויסגעפירט:

„ווען איך בין אַהיימגעקומען (נאָך אונזער געשפּרעך) האָב איך געזען, אַז איך בין געבליבן שטיין אויף זייט 6 פון מיינע נאָטיצן. און איך האָב געהאַט 22 זייטן. צוליב אייער אומגעדולד האָט איר געהערט בלויז דעם אַריינפיר. וועגן דעם, ווי אַזוי און וואו די אידייע וועט אָנהויבן אויפבליען, האָט איר זיך ניט דערוואוסט.

„שאַדט ניט. ערשטנס, דערוואַרט איך ניט, אַז איר זאָלט באַלד ווערן אַן אָנהענגער פון מיין אידייע. צווייטנס, שטייט ניט מיין פּלאַן דורכאויס אויף אייערע צוויי אויגן. — — — עס זיינען פאַראַן אַנדערע. עס זיינען דאָ סוף־כל־סוף און קודם־כל די אידישע מאַסן, צו וועלכע איך וועל וויסן, וויאַזוי צו געפינען דעם וועג.

„די דאָזיקע פעדער איז אַ מאַכט. איר וועט זיך איבערצייגן אין דעם,

ווען איך וועל לעבן און זיין געזונט — — — איר זענט דער גרויסער געלט־איד. איך בין דער גייסט־איד. דערפון קומט אַרויס די פאַרשיידנקייט אין אונזערע מיטלען און וועגן.

„— — — איך האָב גערעדט וועגן אַן אַרמיי, און איר האָט מיר איבער־געריסן באַלד, ווי איך האָב אָנגעהויבן רעדן וועגן אויסלערנען מאָראַליש, ווי־אַזוי צו מאַרשירן. איך האָב זיך געלאָזט איבעררייסן. און דאָך האָב איך אייך פאַרגעשטעלט אויך דאָס וויכטערדיקע. דעם גאַנצן פּלאַן. איך ווייס וועגן אַלעם, וואָס געהערט צו דעם פּלאַן. געלט, געלט, געלט. מיטלען פאַר עוואַקואַציע; פאַר פאַרזאָרגן די גרויסע מאַסן מענטשן (און דאָס מיינט ניט בלויז מיט עסן און טרינקען, ווי אין משה׳ס איינפאַכע צייטן); אויפהאַלטן דיסציפּלין; אָרגאַני־זירן אָפּטיילונגען; שליסן עמיגראַציע־קאָנטראַקטן מיט די פירער פון די מלו־כות; טראַנזיט־אָפּמאַכן מיט אַנדערע לענדער; גאַראַנטיע־פאַרשטענדיקונגען מיט אַלע; און שאַפן נייע, הערלעכע וואוינונגס־ערטער. און פריער פאַר דעם אַלעם דאַרף קומען די פּראָפּאַגאַנדע, די פּאָפּולאַריזירונג פון דער אידייע דורך צייטונגען, ביכער בראָשורן, לעקציעס וועגן עמיגראַציע, בילדער, לידער. אַלץ דאַרף ווערן אָנגעפירט פון איין צענטער מיט וויטזיכטיקייט, און האָבנדיק שטענדיק דעם ציל פאַר די אויגן. און צום סוף דאַרף איך אייך אויך זאָגן, וואָס פאַר אַ פאָן מיר וועלן האָבן, און וויאַזוי איך וועל זי פאָנאַנדערוויקלען. דאָ וועט איר מיך אַוודאי פרעגן מיט שפּאָט: אַ פאָן, וואָס איז דאָס? אַ שטעקן מיט אַ שטיקל טוך? — ניין, ניין, מיין הער, אַ פאָן איז אַ סך מער. מיט אַ פאָן פירט מען די מענטשן, וואוהין מען וויל, אפילו אין צוגעזאָגטן לאַנד. ווייל פאַר אַ פאָן לעבן מענטשן און שטאַרבן. עס איז אפילו דאָס איינציקע, פאַר וואָס זיי זיינען גרייט צו שטאַרבן אין מאַסן, ווען זיי ווערן צו דעם דער־צויגן. — — —

„דאָס אַריבערקלייבן זיך אין גרויסע מאַסן אין צוגעזאָגטן לאַנד שטעלט פּראַקטיש פאַר מיט זיך אַן אומגעהויערע טראַנספּאָרט־אונטערנעמונג, וואָס האָט ניט איר גלייכן אין דער מאָדערנער וועלט. וואָס איז טראַנספּאָרט? אַ קאָמפּלעקס פון אַלע מענטשלעכע אונטערנעמונגען, וועלכע זיינען אַריינגע־פלאָנטערט איינע אין דער אַנדערער, ווי די ציין פון אַ ראָד. און שוין אין די ערשטע סטאַדיעס פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג וועלן גרויסע מאַסן פון אונזער שטרעבנדיקער יוגנט געפינען באַשעפטיקונג: די אַלע אינזשענירן, אַרכיטעקטן, כעמיקער, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, וועלכע זיינען אין די לעצטע דרייסיק יאָר אַרויסגעקומען פון געטאָ און האָבן געגלויבט, אַז זיי וועלן געפינען זייער ברויט און זייער ביסל כבוד מחוץ דעם אָרימען אידישן האַנדל־וואַנדל. זיי, וועלכע מוזן איצט אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג און הויבן איצט אָן צו שאַפן אַ שרעקלעכן פּראָלעטאַריאַט פון געבילדעטע מענטשן. צו זיי געהערט אָבער מיין גאַנצע ליבע. און איך וויל, אַז זייער צאָל זאָל פאַרגרעסערט ווערן, בעת איר ווילט, אַז זיי זאָלן ווערן וואָס ווייניקער. זיי, אין וועלכע איך זע די צוקונפטיקע קראַפט פון די אידן, די קראַפט וועלכע איז נאָך איצט פאַרשלומערט. מיט איין וואָרט — זיי זיינען, אַזוי ווי איך.

„און אַט פון די געבילדעטע פּראָלעטאַריער וועל איך שאַפן דעם גענעראַל־

שטאַב און די רייען פון אַן אַרמיי, וועלכע וועט זוכן לאַנד, געפינען לאַנד און דעראָבערן דאָס לאַנד. — — —

„גלויבט מיר: די פּאָליטיק פון אַ גאַנץ פּאָלק — באַזונדערס ווען דאָס פּאָלק איז צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט — קען געמאַכט ווערן בלויז מיט אימפּאָנדעראַביליען, וועלכע שוועבן אין דער לופט... וואָס? איר פאַרשטייט ניט די אימפּאָנדעראַביליען? און וואָס איז רעליגיע?...

„יאָ, די נאַציאָנאַלע פאַנטאַזיע מוז האָבן אַ פעסטן באָדן אונטער זיך. אָבער ווער זאָגט עס, אַז איך האָב ניט קיין דורך־און דורך פּראַקטישע אידייען, ווען עס וועט קומען צו די באַזונדערע מעטאָדן? — — —

„וואָס באַדייטן צען ביליאָן פראַנק פאַר די אידן? פּאַקטיש וואָלטן מיר אונטערן דרוק פון דער נויטווענדיקייט געקענט אָנהויבן מיט איין ביליאָן. ווייל דאָס וועט זיין דער אַרבעטס־קאַפּיטאַל, די באַזע פאַר אונזערע שפּעטער־דיקע באַנען, פאַר אונזער אימיגראַציע־פּלאַט און אונזער קריגס־פּלאַט. מיט די מיטלען וועלן מיר קענען בויען הייזער, פּאַלאַצן, אַרבעטס־וואוינונגען, שולן, טעאַטערס, מוזייען, רעגירונגס־בנינים, שפּיטאָלן, אַזילן פאַר קראַנקע — בקיצור שטעט.

„איר וועט געפינען גרויסע אוצרות אידיש געלט פאַר אַ כינעזישער הלוואה, פאַר נעגער־באַנען אין אַפריקע, פאַר די אַוואַנטוריסטישסטע אונטער־נעמונגען. איז עס מעגלעך, אַז פאַר די טיפסטע, דרינגענדיקסטע און שרעק־לעכסטע נויטן פון די אידן אַליין זאָל מען עס ניט געפינען? — — —"

הערצל האָט נאָך געהאַט אַ ווייטערדיקן בריוו־אויסטויש מיט הירשן, אָבער אָן ממשותדיקן רעזולטאַט. הירש האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שטיצן הערצלס אידייע. ביז איין טאָג, דעם 21טן אַפּריל 1896, האָט הערצל פאַרשריבן אין זיין טאָג־בוך (אין ווין):

— — — איך האָב געשריבן צו נאָרדוין און אים געגעבן דעם דיפּלאָ־מאַטישן אויפטראַג צו דערגייך ביי הירשן, ווי ער איז געגוויגט. אויב הירש זאָל איצט געבן עטלעכע מיליאָן, קענען מיר שאַפן אַן אומגעהייערן אינטערעס פאַר דער גאַנצער אידייע, און מיר וועלן נאָך עפּעס האָבן פאַר באַקשיש אין טערקיי.

נאָכמיטאָג (דעמזעלבן טאָג).

איך האָב אָנגעהויבן דעם בריוו צו נאָרדוין נעכטן און האָב אים פאַר־ענדיקט היינט. און צווישן נעכטן און היינט איז באַראָן הירש געשטאָרבן אין זיין גוט אין אונגאַרן.

איך האָב זיך דערוואוסט וועגן דעם אַ שעה שפּעטער, נאָכדעם ווי איך האָב דעם בריוו צו נאָרדוין אויפגעגעבן אויף דער פּאָסט. און איך האָב דעריבער געמוזט אָפּרופן דעם בריוו דורך אַ טעלעגראַמע. וואָס פאַר אַ משונהדיקער צופאַל. — — — הירשס קאָאָפּעראַציע וואָלט געקענט אומגעהויער גיך מיט־העלפן צום דערפּאָלג פון אונזער אידייע.

בכל אופן איז זיין טויט אַ פאַרלוסט פאַר אונזער ענין. צווישן די רייכע אידן איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט געוואָלט טאָן עפּעס פאַר די

אָרעמע. אפשר האָב איך ניט געוואוסט דעם ריכטיקן וועג, וויאַזוי אים צו באַהאַנדלען. אפשר האָב איך דעם בריוו צו נאָרדוין געדאַרפט שרייבן מיט צוויי וואָכן פריער.

איך האָב דאָס געפיל, ווי אונזער אידייע וואָלט היינט אָרעמער געוואָרן. ווייל איך האָב שטענדיק נאָך געגלויבט אין דעם, אַז איך וועל געווינען הירשן פאַר אונזער פּלאַן.

# דר. מאַקס נאָרדוי

דר. מאקס נאָרדוי (1849—1923) איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז צוגעשטאַנען צו הערצלען און האָט זיך צוזאַמען מיט אים אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון פּאָליטישן ציוניזם. די באַציאונגען צווישן הערצלען און נאָרדוין, דעם שריפטשטעלער און פילאָזאָף, וועמענס נאָמען איז שוין דעמאָלט געווען באַרימט אין דער גאַנצער קולטור־וועלט — ווערן אויף אַן אינטערעסאַנטן אופן אָפּגעשפיגלט אין די טאָג־ביכער פון דעם גרינדער פון ציוניזם.

פּאַריז, 12טן יוני 1895.

די דאָזיקע פאַרצייכענונגען (וועגן דעם פּלאַן פון אידנשטאַט) זיינען פאַר מיר ניט קיין אַרבעט, נאָר אַ פאַרלייכטערונג. איך שרייב מיר אויס מיינע געדאַנקען, וועלכע שטייגן אויף אין מיר, ווי לופט־בלאָזן אין אַ באַלאָן, וועלכער וואָלט געמוזט פּלאַצן, אויב די לופט־בלאָזן געפינען ניט קיין אויסוועג. — — — גאָט אין הימל, נאָך דעם דאָזיקן ווידוי מיינעם וואָלט לאָמבראָזאָ אפשר מיך גע־האַלטן פאַר אַ משוגענעם. און מיין גוטער פריינט נאָרדוי וואָלט שטילערהייט דערשטיקט די אומרו, וואָס איך פאַרשאַף אים. אָבער זיי זיינען ביידע ניט גערעכט: איך ווייס, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר.

פּאַריז, 6טן יולי 1895.

נעכטן בין איך געזעסן מיט נאָרדוין ביי אַ גלאָז ביר. נאַטירלעך האָבן מיר גערעדט וועגן דער אידן־פראַגע. קיינמאָל פריער זיינען מיר ניט געווען אַזוי איינגאַנצן איינשטימיק. יעדער פון אונז ביידן האָט געזאָגט דאָס, וואָס עס ליגט אויף די ליפּן פון צווייטן. איך האָב קיינמאָל ניט געפילט אַזוי פּשוט און שטאַרק, אַז מיר געהערן איינער צום אַנדערן. — — — מיר זיינען פון דערזעלבער ראַסע. נאָרדוי און איך זיינען געקומען צום הסכם, אַז דער אַנטי־סעמיטיזם האָט געמאַכט פון אונז אידן.

נאָרדוי האָט געזאָגט: „וואָס איז די טראַגעדיע פון אידנטום? אַז דאָס דאָזיקע קאָנסערוואַטיווסטע פאָלק פון אַלע פעלקער, וואָס בענקט אַזוי שטאַרק זיך איינצואוואָרצלען אין אַ פעסטן באָדן, האָט ניט געהאַט קיין היים פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר“.

מיר האָבן אַזוי שטאַרק איינגעשטימט אין אַלע פּונקטן, אַז איך האָב שוין געגלויבט, אַז ווייל ער האָט דיזעלבע געדאַנקען, איז ער אויך געקומען צו דעמ־

זעלבן אויספיר וועגן אַ לייזונג, ווי איך. אָבער ער האָט געהאַט אַן אַנדערע קאָנקלוזיע: „די אידן וועלן געצוואונגען ווערן דורך דעם אַנטיסעמיטיזם צו צעשטערן אומעטום די פאָטערלאַנד־אידייע" — האָט ער געמיינט. און איך האָב מיר געטראַכט, אַז דאָס וועט צווינגען די אידן צו שאַפן זיך אַן אייגן פאָטערלאַנד.

פּאַריז, 17טן נאָוועמבער 1895.

גערעדט מיט נאָרדוין. איך גלויב, אַז נאָרדוי וועט גיין צוזאַמען מיט מיר „דורך דיק און דין". אים האָב איך אַמלייכטסטן געוואונען. און ער איז אפשר מיין ווערטפולסטער געווינס ביז איצט. ער וועט זיין אַ גוטער פּרעזידענט פון אונזער אַקאַדעמיע, אָדער בילדונגס־מיניסטער.

ער האָט מיך רעקאָמענדירט צום מאַקאַבעיער־קלוב אין לאָנדאָן, וועגן וועלכן איך האָב געהערט צום ערשטן מאָל דורך אים. דער דאָזיקער קלוב איז אָבער גאַנץ איינפאַך דער אידעאַלער אָרגאַן, וועלכן איך דאַרף האָבן: קינסטלער, שריפטשטעלער, אידישע אינטעלעקטואַלן פון אַלע טיפּן זיינען זיינע מיטגלידער. דער נאָמען פון דעם קלוב אַליין זאָגט שוין אייגנטלעך גענוג. נאָרדוי גיט מיר אַ רעקאָמענדאַציע צו ישראל זאַנגווילן, וועלכער איז אַ מאַקאַבעיער און אַ שריפטשטעלער.

איך האָב געבעטן נאָרדוין צו פאָרן מיט מיר קיין לאָנדאָן. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו קומען שפּעטער, ווען איך וועל אים דאַרפן.

פּאַריז, 19טן נאָוועמבער 1895.

נאָרדוי איז, ווי עס ווייזט אויס, אינגאַנצן געוואונען פאַר דער אידייע.

די דיסקוסיע מיט אים באַוועגט זיך אויף דער העכסטער ניוואָ. „צי די אידן זיינען נאָך אַנטראָפּאָלאָגיש געאייגנט פאַר שאַפן אַ פאָלק?" א. א. וו. דאָס וועלן מיר שוין זען.

נאָרדוי מיינט, אַז עס וועט זיין נויטיק דריי הונדערט יאָר צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן. איך גלויב, אַז דרייסיק — אויב די אידייע וועט זיך דורכברעכן דעם וועג.

נאָרדוי רעקאָמענדירט מיר, אַז ווען איך וועל זיין אין לאָנדאָן, זאָל איך זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט „המגיד" און מיט „דזשואיש קראָניקל". איך זאָל מיין בראָשור (וועגן אידנשטאַט) לאָזן איבערזעצן אין אידיש און אויך אין העברעאיש פאַר די רוסישע ציוניסטן.

ווין, 28טן פעברואַר 1896.

באַקומען פון נאָרדוין אַ באַגייסטערטן בריוו, וועלכער פילט מיך אָן מיט שטאָלץ. ער האַלט מיין „אידנשטאַט" פאַר אַ גרויסן אויפטו — פאַר אַ „רעוואָלאַציע".

ווין, 11טן מאַי, 1896.

נאָרדוי שרייבט מיר, אַז ער האָט זיך באַמיט צו שאַפן אַ קאָנטאַקט מיט

עדמאָנד דע ראָטשילד דורך צדוק כהן (הויפּט־ראַבינער פון פראַנקרייך). ראָט־שילד איז אָבער אַן אָנהענגער פון אינפילטראַציע (לאַנגזאַמער, שטילער איינוואַנ־דערונג קיין ארץ־ישראל).

ווין, 5טן יוני 1896.

נאָרדוי שרייבט מיר, אַז ער וועט בשום אופן ניט געבן זיין חתימה אויף אַן אויפרוף צו זאַמלען געלט, אויב עס וועלן דאָרט אויך ניט זיין די אונטער־שריפטן פון באַקאַנטע מיליאָנערן. איך האָב אים גענטפערט, אַז איך בין אויך ניט אַזוי נאַאיוו, און האָב די גענוגענדע דערפאַרונג ניט צו אונטערשרייבן אַן אויפרוף וועגן געלט, וואָס זאָל איבערלאָזן וועלכן־עס־איז צווייפל. אָבער ביי מיינע באַדינגונגען האָב איך געבראַכט גענוג געלט־קרבנות, און איך מוז עס איבערלאָזן פון איצט אָן פאַר דעם אידישן פאָלק אַליין, אויב ער וויל עפּעס טאָן פאַר זיך און וויפיל.

פּאַריז, 21טן יולי 1896.

גערעדט נעכטן מיט נאָרדוין און מיט בערן (באַרימטער אידישער סקולפּ־טאָר, וועלכער האָט געמאַכט אַ ביוסט פון הערצלען), און האָב זיי גזאָגט דעם ענטפער, וועלכן איך האָב געפונען אויף ראָטשילדס אַרגומענט: אָרגאַניזירן די מאַסן, דאָ און איצט. אונזער פאָלק וועט אָרגאַניזירט ווערן נאָך פאַרן אַוועק־פאָרן און ניט בלויז נאָכן אָנקומען (אין אידישן לאַנד).

נאָרדוי האָט געזאָגט, אַז ער איז אינגאַנצן איינשטימיק מיט מיר. ער וועט אַחוץ דעם צושטיין צום פּאַריזער קאָמיטעט אַלס שעף פון דער באַוועגונג אין פראַנקרייך — ווי איך האָב געזאָגט. ער האָט זיך אַביסל אַנטקעגנגעשטעלט דעם טיטל „שעף". ער האָט אָבער אָנגענומען מיין פאָרשלאָג.

ווין, 3טן סעפּטעמבער 1897 (נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס).

— — — נאָרדוי איז אין ערשטן טאָג פון קאָנגרעס געקומען אין אַ וואָכעדיקן מלבוש און האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו גיין אַהיים און אָנטאָן אַ פראַק. איך האָב אים אַוועקגענומען אָן אַ זייט און האָב זיך געבעטן ביי אים, אַז ער זאָל דאָס טאָן פון מיינעטוועגן. איך האָב אים געזאָגט, אַז היינט־צו־טאָג שטעלט נאָך ניט פאַר מיט זיך דאָס פּרעזידיום פון ציוניסטישן קאָנגרעס קיין סך. מיר דאַרפן נאָך אַלץ באַשאַפן. מען דאַרף דערפירן די מענטשן דערצו, אַז זיי זאָלן דערוואַרטן פון קאָנגרעס בלויז די פיינסטע זאַכן און העכסטע פייערלעכקייט. סוף־כל־סוף האָט נאָרדוי זיך געלאָזט איבערצייגן, און איך האָב אים שטאַרק געדאַנקט. אין אַ פערטל שעה אַרום איז ער געקומען אָנגעטאָן אינגאַנצן יום־טובדיק.

אין אַלגעמיין האָב איך אין די אַלע דריי טעג (פון קאָנגרעס) כסדר גע־זאָרגט וועגן דעם, צו מאַכן נאָרדוין פאַרגעסן, אַז ער שפּילט די צווייטע פידל אויפן קאָנגרעס — אַ ראָלע, פון וועלכער ער האָט אין זיין אייגן־ליבע פיל געליטן, ווי עס איז געווען אָפּט צו זען. איך האָב אונטערגעשטראָכן ביי יעדער געלעגנהייט, אַז איך בין געווען פּרעזידענט בלויז צוליב טעכנישע טעמים,

ווייל איך קען די מענטשן און די פּרטים, און אַז ביי אַלע אומשטענדן איז ער באַרעכטיקט צו דער פּרעזידענץ. דאָס האָט אים אַביסל געמאַכט ווייכער. צום גליק האָט זיין רעפּעראַט געהאַט אַ גרעסערן דערפאָלג, ווי מיין אייגענע ריין־פּאָליטישע רעדע. און איך בין אַרומגעגאַנגען אומעטום זאָגן, אַז זיין רעדע איז געווען די בעסטע אויפן קאָנגרעס. — — —

נאָרדוי האָט גערעדט וואונדערלעך. זיין רעפעראַט איז און וועט בלייבן אַ מאָנומענט פון אונזער דור. ווען ער איז צוריקגעקומען צו אונזער טיש, בין איך אַריבערגעגאַנגען צו אים און האָב אים געזאָגט: „מאָנומענטום ערע פּערעניוס!" (אַ לאַטיינישער אויסרוף, וואָס מיינט: אַ מאָנומענט, וואָס איז דויערהאַפטיקער פון בראָנז).

געזעגענענדיק זיך (נאָכן קאָנגרעס) מיט נאָרדוי, האָב איך אים געזאָגט: „איבער־אַ־יאָר וועלן מיר עס ענדערן און מאַכן אַ טריט ווייטער: איר וועט זיין דער פּרעזידענט פון קאָנגרעס, און איך — פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט". ער האָט זיך אָבער ניט געוואָלט פאַרפּליכטן.

לאָנדאָן, 11טן יוני 1901.

— — — צוליב דעם, וואָס עס איז ניטאָ קיין אויסזיכט צו געווינען די רייכע אידן אין פאַריז, און בכלל אין ערגעץ ניט — האָבן אַלעקס מאַרמאָרעק און נאָרדוי געוואָרפן דעם געדאַנק, אַז מיר זאָלן פּרוּוון קריגן געלט ביים אַמעריקאַנער קרעזוס־פילאַנטראָפּ קאַרנעגי. נאָרדוי האָט דערקלערט, אַז ער איז גרייט דורכצושלאָגן זיך אַ וועג צו קאַרנעגין מיט אַ רעקאָמענדאַציע פון אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, פּאָרטער. אָבער פּאָרטער איז ניט געווען אין פאַריז.

קאָנסטאַנץ ביים באָדענזעי, 31טן אויגוסט 1903
(נאָכן זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, דעם אוגאַנדע־קאָנגרעס).

— — — דער שווערער, גרויסער זעקסטער קאָנגרעס איז אַריבער.

ווען איך בין צוריקגעקומען פון קאָנגרעס־הויז אינגאַנצן אַן אויסגעמאַטערטער, צוזאַמען מיט די פריינט זאַנגוויל, נאָרדוי און קאָוען (ענגלישער ציוניסטישער פירער), און מיר זיינען געזעסן אין קאָוענס צימער ביי אַ פלאַש מינעראַל־וואַסער, האָב איך געזאָגט צו זיי:

„איך וויל אייך איצט זאָגן, וואָס עס וועט זיין מיין רעדע אויפן זיבעטן קאָנגרעס, אויב איך וועל דערלעבן.

„ביז דעמאָלט וועל איך אָדער האָבן ארץ־ישראל, אָדער איך וועל האָבן איינגעזען, אַז יעדע ווייטערדיקע באַמיאונג מיינע וועט שוין זיין אינגאַנצן איבעריק, אָן שום אויסזיכטן.

„אין לעצטן פאַל וועט מיין רעדע קלינגען אָט ווי אַזוי:

„עס איז ניט געווען מעגלעך. דער ענד־ציל איז ניט דערגרייכט געוואָרן און קען ניט דערגרייכט ווערן אין משך פון אַ צייט, וואָס עס זאָל זיין מעגלעך פאָראויסצוזען. אָבער אַ צווישן־רעזולטאַט ליגט פאַר אונז: דאָס לאַנד, אויף וועלכן מיר קענען באַזעצן אונזערע ליידנדיקע מאַסן, אויף אַ נאַציאָנאַלער באַזע און מיט זעלבסטפאַרוואַלטונג. איך גלויב ניט, אַז צוליב אַ שיינעם חלום

אָדער צוליב אַן אמתער פאָן זאָלן מיר האָבן דאָס רעכט צוריקצוהאַלטן די דאָזיקע פאַרלייכטערונג פאַר די אומגליקלעכע.

„אָבער איך פאַרשטיי, אַז אין אונזער באַוועגונג איז דורך דעם אַריינגע־טראָטן אַן אַנטשיידנדיקע שפּאַלטונג. און דער דאָזיקער ריס גייט דורך אויך דורך מיר אַליין. הגם אין אָנהויב בין איך געווען בלויז אַ אידנשטאַטלער — אומאָפּהענגיק דערפון, וואו דער שטאַט זאָל זיין — האָב איך שפּעטער דאָך אויפגעהויבן די פאָן פון ציון, און איך אַליין בין געוואָרן אַ חובב ציון. ארץ־ישראל איז דאָס איינציקע לאַנד, וואו אונזער פאָלק קען קומען אל המנוחה ואל הנחלה. אָבער פאַר הונדערטער טויזנטער איז נויטיק צו געבן באַלדיקע הילף.

„בכדי צו לייזן דעם דאָזיקן קאָנפליקט איז פאַראַן איין אויסוועג: איך מוז זיך צוריקציען פון דער פירערשאַפט. איך וועל, אויב איר וועט דאָס פאַר־לאַנגען, נאָך אָנפירן מיט די פאַרהאַנדלונגען פון דעם קאָנגרעס. און צום סוף וועט איר ווילן צוויי אַקציאָנס־קאָמיטעטן, איינעם פאַר מזרח־אַפריקע און איינעם פאַר ארץ־ישראל. איך וועל זיך ניט לאָזן לאָזן אויסוויילן אין קיין איינעם פון די צוויי. אָבער איך וועל קיינמאָל ניט אָפּזאָגן מיין עצה צו די, וואָס וועלן זיך ווידמען דער אַרבעט — ווען זיי וועלן פאַרלאַנגען פון מיר אַן עצה. און איך וועל באַגלייטן מיט מיינע בעסטע וואונטשן די, וועלכע וועלן זיך אָפּגעבן דעם שיינעם חלום.

„דורך דעם וואָס איך האָב געטאָן, האָב איך דעם ציוניזם ניט געמאַכט אָרעמער, אָבער דאָס אידנטום האָב איך געמאַכט רייכער.

„אַדיע!"

# די ראָטשילד׳ס

זיין בראָשור „דער אידנשטאַט״ האָט הערצל אין אָנהויב פאַרפאַסט און געפלאַנט אַלס „אַ רעדע צו די ראָטשילדס״. אונטער דער דאָזיקער אויפשריפט איז אויך אַ טעקסט פון „אידנשטאַט״ — כמעט דער זעלבער, וואָס איז געדרוקט אין דער היסטאָרישער בראָשור — אַריין אין הערצלס טאָג־ביכער.

נאָכדעם, ווי ער האָט ניט געקענט געווינען פאַר זיין אידייע באַראָן הירשן, האָט הערצל זייער אַ סך געהאָפט אויף די ראָטשילדס, די פאַריזער און די לאָנדאָנער. ער האָט אויך געהאַט אַ געדאַנק צו דערפירן דערצו, אַז עס זאָל זיך צונויפקומען „אַ משפחה־ראַט פון די ראָטשילדס״, און ער וועט זיי פאָרשלאָגן זיין פּלאַן. די געשיכטע פון זיינע באַמיאונגען ביי די ראָטשילדס — באַזונדערס ביים פאַריזער באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד, דעם „נדיב הידוע״, און ביים לאָנדאָנער לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד — פאַרנעמט אַ סך אָרט אין הערצלס טאָג־ביכער. דאָ ווערן געבראַכט די הויפּט־פאַרצייכענונגען פון דעם וויכטיקן און אינטערעסאַנטן קאַפּיטל.

## באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד

**הערצל האָט לאַנג געזוכט אַ צוטריט צום פאַריזער באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד (1845—1934), וועלכער האָט איבערגעלאָזט אַ נאָמען אין דער אידישער געשיכטע און אין דער געשיכטע פון נייעם ארץ־ישראל ווי „דער פאָטער פון ישוב״ („אבי הישוב״). דר. מאַקס נאָרדוי; דער אויבער־ראַבינער פון פאַריז, צדוק כהן; דער פּוילישער איד עמיל מעיערסאָן, וועלכער איז געוואָרן אַ באַרימטער פראַנצויזישער פילאָזאָף און שריפטשטעלער — זיינען געווען הערצלס פאַרמיטלער צו ווערן אויפגענומען דורך באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילדן. זייער באַגעגעניש איז ענדלעך פאָרגעקומען דעם 18טן יולי 1896. דאָס „קעמפערישע געשפרעך״ האָט זיך פאַרענדיקט אָן רעזולטאַט. ניט קענענדיק געווינען דעם באַראָן פאַר זיין אידייע, האָט הערצל באַשלאָסן צו שאַפן אַ מאַסן־באַוועגונג — די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע.**

**אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט באַראָן ראָטשילד צוגעגעבן, אַז „הערצל און ער זיינען געגאַנגען אויף צוויי וועגן צו דעמזעלבן ציל״. דר. חיים ווייצמאַן און נחום סאָקאָלאָוו האָבן צוגעצויגן דעם באַראָן צו ציוניסטישער אַרבעט און באַקומען זיין הילף ביי דער פראַנצויזישער רעגירונג פאַר איר צושטימונג צו דער באַלפור־דעקלאַראַציע. באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד — דער „נדיב הידוע״ — האָט געגעבן זיין גרויסמוטיקע הילף פאַר דער גרינדונג פון לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים און אינדוסטריעס אין ארץ־ישראל, און זיין נאָמען איז אויף אייביק פאַרבונדן מיט דער ערשטער תקופה פון דעם אויפבוי פון באַנייטן אידישן היימלאַנד.**

פּאַריז, 7טן יוני 1895.

דער משפחה־ראַט (פון די ראָטשילדס) — איך הויב אָן מיט זיי, ווייל אין אָנפאַנג, ביז עס וועלן זיין גרייט מיינע רייען, דאַרף איך ניט מאַכן קיין גרויסן טומל. אויך קען איך דורך דעם אויף אַ מער זיכערן אופן אַרויספירן די מאַסן. בעת, אויב איך וועל פריער אויפרודערן די מאַסן, וועל איך פאַרלירן די רייכע.

איך בין געווען ביי הירשן. איך גיי צו ראָטשילדן, ווי מאַלטקע איז געגאַנגען פון דענעמאַרק קיין פּרייסן.

פּאַריז, 10טן יוני 1895.

צום משפחה־ראַט (פון די ראָטשילדס): איך נעם ווידער אויף די איבערגעריסענע טראַדיציע פון אונזער פאָלק. איך פיר אידן אין צוגעזאָגטן לאַנד. מיינט ניט, אַז דאָס איז אַ פאַנטאַזיע. איך בין ניט קיין אַרכיטעקט פון לופט־שלעסער. איך בוי אַן אמת הויז, מיט מאַטעריאַלן, וועלכע איר קענט זען, אָנטאַפּן, אויספּרואוון.

ווין, 18טן מאַי 1896.

נאָרדוי טיילט מיר מיט, אַז ער מיט צדוק (צדוק כהן, אויבער־ראַבינער פון פּאַריז) זיינען געווען ביי עדמאָנד ראָטשילדן. די „אוידיענץ" האָט געדויערט 63 מינוט, בעת וועלכע ראָטשילד האָט גערעדט 53 מינוט. און נאָרדוי „מיט מי און אומהעפלעכקייט" בלויז צען.

ראָטשילד וויל אַבסאָלוט גאָרניט וויסן וועגן דעם פּראָיעקט. ער גלויבט ניט, אַז מען זאָל קענען עפּעס דערגרייכן ביים סולטאַן. בכל אופן וויל ער ניט מיטהעלפן. ער האַלט, אַז דאָס וואָס איך טו, איז געפערלעך, ווייל איך שטעל אונטער חשד דעם פּאַטריאָטיזם פון די אידן, און איז אויך שעדלעך — פאַר זיינע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל.

מיר וועלן דאַרפן אַריבערגיין איבער אים צו דער טאָג־אָרדענונג.

אגב, קען מען האָבן אַ גוטע פּאַרוויילונג, ווען מען לייענט דערנאָך די היינטיקע דעפּעשן פון פּאַריז, וועלכע גיבן איבער וועגן גאַסן דעמאָנסטראַציעס קעגן די אידן, און באַזונדערס קעגן די ראָטשילדס. פאַר דעמזעלבן הויז אויף רי לאַפיט, וואו ראָטשילד האָט פּרייטיק אָפּגעזאָגט די ביטע פון מיין פריינט נאָרדוי, האָט דער המון געשריגן זונטיק: „נידער מיט די אידן!"

לאָנדאָן, 13טן יולי 1896.

— — — איצט איז עס אַ סך אָפּהענגיק פון מיר אַליין, צי איך זאָל ווערן דער פירער פון די מאַסן. אָבער איך וועל ניט ווערן, אויב איך וועל באַווייזן געווינען די ראָטשילדס פאַר דעם פּרייז פון מיין אייגענעם צוריקציען זיך פון דער באַוועגונג.

פּאַריז, 17טן יולי 1896.

— — — נאָרדוי איז געקומען צו מיר מיט נייע ספקות: עס וועט זיין בלויז אַן אינערלעכער רוסיש־אידישער ענין, א. א. וו. איך האָב געזאָגט אים, ווי אויך בערנאַר לאַזאַרן (באַקאַנטער פראַנצויזיש־אידישער שריפטשטעלער),

אַז איך האָב בדעה צו קויפן דאָס צושטיין פון עדמאָנד ראָטשילדן און פון הירש־פאָנד צו אונזער פּלאַן פאַר דעם פּרייז פון מיין אייגענעם צוריקציען זיך. זיי ביידע האָבן געמיינט, אַז דאָס וועט זיין אַ גלייכע זאַך.

פּאַריז, 18טן יולי 1896.

נעכטן נאָכמיטאָג האָט דער סימפּאַטישער בערנאַר לאַזאַר געבראַכט צו מיר (עמיל) מעיערסאָנען פון דער האַוואַס־אַגענטור און פון די אַרטיקע ציוניסטישע גרופּעס. — — — מעיערסאָן האָט געמאַכט אַ סך, גאַר אַ סך איינווענדונגען קעגן מיין פּלאַן — באַזונדערס וועגן דעם, צי אידן זיינען פעאיק צו ווערן פּויערים.

איך האָב זיך צום סוף געבעטן ביי אים: „טוט מיר ניט אָן אַזויפיל צרות. מיר קענען ניט פאָראויסזען די צוקונפט. לאָמיר אָנהויבן, און מיר וועלן זען".

דאָס האָט אים געמאַכט אַביסל ווייכער. ער האָט גענומען אויף זיך צו גיין צו עדמאָנד ראָטשילדן און אים זאָגן, אַז איך בין גרייט אים צו באַזוכן. — — — איך האָב געבעטן מעיערסאָנען צו פאָרמולירן קלאָר מיין שטאַנדפּונקט: איך פאַרלאַנג די פאַראייניקונג פון אַלע ציוניסטישע געזעלשאַפטן, באַזונדערס פון הירש־פאָנד און עדמאָנד ראָטשילדן. דער לעצטער קען דערקלערן, אַז ער וועט צוטרעטן מיט אַ תנאי. ווי נאָר איך וועל האָבן דורכגעפירט דעם דיפּלאָמאַטישן טייל פון דעם פּלאַן, זאָלן איבערנעמען די לייטונג די מענטשן, וועלכע איך וועל באַשטימען. דערפאַר וועל איך זיך פאַרפּליכטן מיט מיין ערן־וואָרט זיך אָפּצוהאַלטן פון יעדער מאַסן־פירערשאַפט. — — — אויב מיין פּראָגראַם וועט אָנגענומען ווערן, וועל איך זיך אינגאַנצן צוריקציען פון דער אָנפירונג פון דער באַוועגונג.

פּאַריז, 19טן יולי 1896.

נעכטן האָב איך געהאַלטן די „רעדע צו די ראָטשילדס".

1:30 נאָכמיטאָג בין איך געווען אויף רי לאַפיט אין דער ראָטשילד־באַנק. דער דינער האָט גענומען מיין קאַרט און האָט מיך אַריינגעפירט אין ערשטן וואַרט־צימער, וואָס איז באַשטימט פאַר אַלגעמיינע באַזוכער, וועלכע האָבן געשעפטלעכע ענינים מיט דעם באַנק־הויז. אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ צווייטן אויפנאַם־צימער, וואו מעיערסאָן האָט שוין געוואַרט אויף מיר און וואו ער האָט מיך צוגעגרייט פאַר דעם פאַקט, אַז דער באַראָן איז אַ געוויינטלעכער בשר־ודם, ווי מיר ביידע.

נאָכדעם ווי מיר האָבן געוואַרט אַרום צען מינוט, האָט זיך געעפנט אַ טיר, און נאַרסיס לעווען (באַקאַנטער פראַנצויזיש־אידישער טוער, געשטאַנען נאָענט צום באַראָן עדמאָנד ראָטשילד) איז אַריינגעקומען. הינטער אים איז געגאַנגען אַ הויכער מאָגערער מאַן אין די פערציקער (באַראָן ראָטשילד). איך האָב געמיינט, אַז ער איז אַ סך עלטער. ער זעט אויס, ווי אַ יונגערמאַן, וואָס קומט אַריין אין די עלטערע יאָרן. ער האָט גיכע און דערביי נערוועזע באַוועגונגען.

— — — איך האָב אים געפרעגט, ווי ווייט ער איז באַקאַנט מיט מיין פּראָיעקט. ער האָט אָנגעהויבן שפּריצן מיט ווערטער, ווי פון אַ פאָנטאַן —

און ער האָט זיך פאַרלוירן אין דער דערקלערונג פון מיין פּראָגראַם, וואָס ער האָט ניט געקענט געניי.

נאָך פינף מינוט האָב איך אים איבערגעריסן און געזאָגט: „איר ווייסט ניט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, לאָזט מיך פריער אייך דערקלערן". ער איז אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן.

איך האָב אָנגעהויבן: „אַ קאָלאָניע איז אַ קליינע מדינה. אַ מדינה איז אַ גרויסע קאָלאָניע. איר ווילט שאַפן אַ קליינע מדינה. איך וויל שאַפן אַ גרויסע קאָלאָניע".

און ווידעראַמאָל, ווי שוין אַזוי אָפט פריער, האָב איך דערקלערט דעם גאַנצן פּלאַן. ער האָט זיך צוגעהערט מיט איבעראַשונג צו אַ טייל פון מיינע אויספירונגען. און עטלעכע מאָל האָב איך געזען אַ באַוואונדערונג אין זיינע אויגן.

אָבער ער גלויבט ניט אין די צוזאָגן פון די טערקן. און ווען אפילו ער וואָלט געגלויבט, וואָלט ער זיך ניט באַטייליקט אין דער אונטערנעמונג. ער האַלט, אַז עס וואָלט געווען אוממעגלעך צו קאָנטראָלירן אַ צופלוס פון מאַסן קיין ארץ־ישראל. אין אָנהויב וועלן קומען הונדערט און פופציק טויזנט שנאָרערס, וועלכע מען וועט דאַרפן דערנערן און אויסהאַלטן. ער פילט זיך ניט דערוואַקסן פאַר אַזאַ זאַך. אפשר בין איך עס? ער וואָלט ניט געקענט נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט. עס קענען פאַסירן אומגליקן.

„און איצט זיינען זיי ניט פאַראַן?" — האָב איך אַריינגעוואָרפן — „איז דען ניט דער אַנטיסעמיטיזם אַ שטענדיק אומגליק מיט פאַרלוסטן פון כבוד, לעבן און פאַרמעגן?"

— — — נאָך צוויי שעה פון דעם קעמפערישן געשפרעך האָב איך אויפ־געהויבן מיין שירעם און בין אויפגעשטאַנען:

„בכדי צו פאַרענדיקן דעם דאָזיקן שמועס, וואָס מיר האָבן געפירט אין דער גאַנצער ערנסטקייט און ניט פאַר אונטערהאַלטן זיך, וויל איך זאָגן אָט וואָס: ווי אַזוי איז מעגלעך צו דערקענען די מאַכט פון אַן אידייע? דורך דעם פאַקט, וואָס מען נעמט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו זאָגן „יאָ", און מען ווערט אויך פאַראַנטוואָרטלעך, ווען מען זאָגט „ניין".

דער באַראָן האָט געמאַכט אַ זייער פריקרע, אפילו אַ זייער בייז פנים.

איך האָב גערעדט ווייטער: „איר זענט געווען דער הויפּט־שליסל פון דער גאַנצער קאָמבינאַציע. אויב איר זאָגט זיך אָפּ, וועט אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט אויפגעשטעלט, זיך פאַנאַנדערפאַלן. און דאַן וועל איך עס דאַרפן טאָן אויף אַן אַנדערן אופן. איך וועל אָנהויבן אַ גרויסע אַגיטאַציע, וועלכע וועט מאַכן נאָך שווערער צו האַלטן די מאַסן אונטער אַ קאָנטראָל. איך האָב געוואָלט איבערגעבן די אָנפירונג פון דעם גאַנצן פּלאַן צו אייך, דעם פילאַנט־ראָפּישן ציוניסט, און אַליין וואָלט איך זיך דאַן צוריקגעצויגן. באַלד ווי דער ענין מיטן סולטאַן וואָלט געווען דערליידיקט, וואָלט איר געקענט פאַרעפנט־לעכן וועגן דעם, וויפיל אייך וואָלט זיך געגלוסט. און איר וואָלט אויך געקענט האַלטן בסוד, וויפיל איר וואָלט געפונען פאַר נויטיק. די רעגולירונג פון אַ מאַסן־איינוואַנדערונג איז אַ פראַגע פאַר דער רעגירונג. אויב עס וואָלט, צום ביישפּיל, געקומען אַ שטערונג, וואָלט מען געקענט פאַרשפּרייטן ניט־גינסטיקע

באַריכטן וועגן די מעגלעכקייטן צו קריגן אַ דאַך איבערן קאָפּ אָדער וועגן די אויסזיכטן צו באַקומען אַרבעט. און דורך דעם וואָלט דער שטראָם געוואָרן לאַנגזאַמער. דאָס זיינען ניט מער ווי אַדמיניסטראַטיווע איינצלהייטן. איר האַלט, אַז עס וואָלט געווען אַן אומגליק צו אָפּערירן מיט אַזעלכע מאַסן. אָבער לייגט זיך גוט איבער, צי עס וועט ניט זיין קיין גרעסערער אומגליק, אויב איך וועל די דאָזיקע מאַסן ברענגען אין באַוועגונג דורך אַ גרויסער אַגיטאַציע, ביי וועלכער מען קען אַ סך ניט אויסרעכענען און ווייניקער פּלאַנירן. און גראָד דאָס האָב איך געוואָלט אויסמיידן. איך האָב געוויזן מיין גוטן ווילן, און אַז איך בין ניט קיין איינגעשפּאַרטער מענטש. איר זאָגט־אָפּ — איך האָב דאָס מייניקע געטאָן״.

און דאַן האָבן מיר זיך געזעגנט. מיר האָבן זיך ביידע דערקלערט איינער דעם אַנדערן, אַז מיר זיינען זייער צופרידן פון דער באַקאַנטשאַפט, וואָס מיר האָבן געשלאָסן, און איך בין אַוועקגעגאַנגען.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז מעיערסאָן געקומען צו מיר אין האָטעל מיט אַ זויער־זיס פּנים. האָט ער געהאַט אַן אָפּיציעלן אויפטראַג פון באַראָן, ווען ער האָט מיר גע׳עצה׳ט אָנצוהויבן צוערשט אין אַ קליינעם פאַרנעם און אויס׳פּועל׳ן אין טערקיי קליינע קאָנצעסיעס פאַר עדמאָנד ראָטשילדס קאָלאָניעס — און דאַן וועט אפשר דער באַראָן ביסלעכווייז אַרויסווייזן אַ גינסטיקערע באַציאונג צו מיין פּראָיעקט?

ווין, 26טן יולי, 1896 (פון אַ בריוו צום אויבער־ראַבינער צדוק כהן).

„— — — איך האָב זייער, זייער באַדויערט, וואָס איר האָט פאַרלאָזן פּאַריז, איידער איך בין אָנגעקומען. אונזער ענין האָט דערפון געהאַט אפשר דעם גרעסטן שאָדן, ווייל עס איז געווען אַ זייער וויכטיקער מאָמענט. מיט אייערע ערנסטע, גוטע עצות וואָלט איר אפשר דערפירט צו אַן אַנדערער ווענדונג.

„לײדער האָט עדמאָנד ראָטשילד ניט געוואָלט אָדער ניט געקענט מיך פאַרשטיין. — — — איך בין אַ קעגנער פון ראָטשילד־הויז, ווייל איך באַטראַכט עס פאַר אַ נאַציאָנאַל אומגליק פאַר די אידן. דער איינציקער מיטגליד פון דער פאַמיליע, וועלכער האָט מיט זיין ביז איצטיקן פאַרהאַלטן זיך אַרויסגערופן די אַלגעמיינע סימפּאַטיע, איז עדמאָנד דע ראָטשילד — אַ מאַן, וועלכן איך האָב באַטראַכט, און באַטראַכט נאָך איצט, פאַר אַ גוטן, מוטיקן איד. זאָל אַזאַ מאַן זיך אָפּזאָגן מיטצוהעלפן צו אונזער נאַציאָנאַלער אויסלייזונג?

„איך בעט אייך, דערקלערט אים וואָס איך האָב געמיינט. אפשר בין איך געווען אין מיין געשפּרעך מיט אים צופיל צעטראָגן, צי אומגעדולדיק. אָבער אונזער אידייע דאַרף ניט ליידן צוליב מיינע פעלערן. באַזונדערס זעט צו פאַרהיטן, אַז עדמאָנד ראָטשילד זאָל ניט קריגן קיין פאַלשע פאָרשטעלונג וועגן מיינע כוונות. איבערצייגט אים, אַז איך וויל בלויז דאָס, וואָס איז גוט און ריכטיק״.

ווין, ערשטן אויגוסט 1896.

איך האָב געשריבן צו דוד וואָלפסאָנען וועגן עדמאָנד ראָטשילדס אָפּזאָג און וועגן שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער אויך ער וועט דאַרפן נעמען

אויף זיך אַן אויפגאַבע דורכצופירן. מיר וועלן אין גיכן אָפּהאַלטן אין ווין אַ קאָנפערענץ, אויף וועלכער מיר וועלן זיך באַראַטן וועגן צונויפרופן אַן אַלגעמיינעם צוזאַמענפאָר פון ציוניסטן.

## לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד

די באַציאונגען צווישן הערצלען און לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילדן אין לאָנדאָן, הויפּט פון דער ראָטשילד־באַנק אין ענגלאַנד און פירנדיקע פּערזענ־לעכקייט פון ענגלישן אידנטום אין זיין צייט (געבוירן אין 1840, געשטאָרבן אין 1915) — האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אַ ברוגז. הערצל האָט געוואַרט אויף אַן איינלאַדונג פון לאָרד ראָטשילדן און ניט באַקומען. נאָכדעם ווי הערצל איז גערופן געוואָרן קיין לאָנדאָן צו מאַכן אַ דערקלערונג פאַר דער קעניגלעכער קאָמיסיע וועגן אידישער אימיגראַציע, האָט לאָרד ראָטשילד אים איינגעלאַדן צו זיך אויף אַ געשפּרעך. זיי האָבן געהאַט אַ שאַרפן מיינונגס־אויסטויש, אָבער דערנאָך איז לאָרד ראָטשילד געווען געניגט צוזאַמענצואַרבעטן מיט הערצלען, באַזונדערס אין דעם פּלאַן וועגן אידישער קאָלאָניזאַציע אויפן האַלב־אינזל סיני. וועגן דעם דאָזיקן פּלאַן האָט זיך הערצל אויסגעדריקט, אַז „אַ גרויסער אידישער ישוב ביים מיטללענדישן ים וועט שטאַרקן אונזערע באַמיאונגען פאַר ארץ־ישראל״.

לאָנדאָן, 5טן יולי 1896.

ביי מיטאָג איז לוסיען וואָלף (באַקאַנטער ענגליש־אידישער שריפטשטעלער, היסטאָריקער און פּאָליטישער טוער) פון דער „דעילי גראַפיק״ געקומען מיך אינטערוויואירן, נאָכדעם, ווי אַן אינטערוויו מיט ישראל זאַנגווילן וועגן מיר איז דערשינען אין דער היינטיקער „סאַנדעי טיימס״. זינט עטלעכע טעג האָבן אַלע לאָנדאָנער צייטונגען זיך געלאָזט הערן.

סינגער (ראַביי שמעון סינגער, הערצלס אַן אָנהענגער אין לאָנדאָן) האָט מיר געזאָגט נעכטן, אַז איך דאַרף בעטן לאָרד (נתנאל מאיר) ראָטשילדן, אַז ער זאָל מיך אויפנעמען. איך האָב אָפּגעוואָרפן זיין פאָרשלאַג, זאָגנדיק אים, אַז דאָס איז ניט בכבודיק פאַר מיר. סינגער האָט באַמערקט: „לאָרד ראָטשילד איז אַ „פּאַטראָן״. אַן ענגלישער שריפטשטעלער האָט דעפינירט אויף פאָלגנדיקן אופן, וואָס עס איז אַזעלכעס אַ פּאַטראָן: אַ מענטש, וועלכער קוקט זיך צו פון ברעג טייך, ווי אייגער ראַנגלט זיך מיט די כוואַליעס ניט צו ווערן דער־טרונקען, און ווען דער אָרעמער ראַטעוועט זיך און איז שוין צוריק אויף דער יבשה, באַלעסטיקט אים דער אַנדערער מיט זיין הילף. דער איז אַ פּאַטראָן״.

„ווען איר וועט האָבן געזיגט מיט אייער אידייע״ — האָט סינגער ווייטער געזאָגט — „וועט ראָטשילד אייך איינלאַדן — צוזאַמען מיט אַנדערע לייבן — אויף אַ נאַכט־עסן״.

איך האָב אים געענטפערט: „אַ נאַכט־עסן ביי ראָטשילדן איז, הייסט עס, דער פּרייז פאַר דעם זיגער. גייט דאָס מיך אָן, ווי דער פאַר־אַ־יאָריקער שניי״.

און אַזוי, ווען איך זע היינט אין די צייטונגען, ווי זיי רופן זיך שוין אָפּ

אויף דעם אָנהויב פון אונזער באַוועגונג, פרעג איך זיך מיט פאַרגעניגן, צי דאָס איז שוין גענוג פאַר אַ ראָטשילד־איינלאַדונג.

פאַריז, 4טן יוני, 1902.

איך האָב באַקומען אַן איינלאַדונג פון לאָנדאָן, פון דער קעניגלעכער קאָ־מיסיע פאַר דער פראַגע וועגן אימיגראַציע פון אויסלענדער, צו געבן מיינע אַ דערקלערונג אַלס אַן „עדות". דאָס מיינט אַ באַגעגעניש — אַ שלאַכט אָדער אַן איבערבעטן זיך — מיט לאָרד ראָטשילדן און האָט דערפאַר אַן אומגעהויערע באַדייטונג. איך שיק אַן אינסטרוקציע צו מיינע געטרייע לעאָפּאָלד גרינבערג (רעדאַקטאָר פון לאָנדאָנער „דזשואיש קראָניקל", האָט אַ סך געהאָלפן הערצלען אין דער פּאָליטישער אַרבעט) און דזשאָזעף קאָוועז איינצוואָרדענען פאַר מיר אַ באַגעגעניש מיט לאָרד ראָטשילדן, איידער איך וועל פאַרהערט ווערן פאַר דער קאָמיסיע.

אויף דער שיף „פּאַ דע קאַלעי", צווישן קאַלעי און דאָווער, 3טן יולי 1902.

גרינבערג האָט איינגעאָרדנט פאַר מיר אַ באַגעגעניש מיט לאָרד ראָטשילדן אויף מאָרגן, און מיין פאַרהער פאַר דער פּאַרלאַמענטאַרישער קאָמיסיע — אויפן זיבעטן יולי.

עס האָט מיר גענומען זיבן יאָר צו קענען זאָגן ראָטשילדן, וואָס איך וויל אים זאָגן מאָרגן.

לאָנדאָן, 5טן יוני 1902.

נעכטן אַ פערטל צו איינס בין איך שוין געווען אויפן וועג צו לאָרד ראָט־שילדן. געננוי איינס אַזייגער בין איך דורכגעגאַנגען דורך דעם טויער, האָב זיך געלאָזט אָנמעלדן דורך דער מחנה באַנק־אָנגעשטעלטע און בין אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ צימער, וואָס האָט אויסגעזען זייער סוחריש. איך האָב ניט געוואַרט קיין מינוט און דער לאָרד איז אַריינגעקומען. אַן ענגליש־אידישער אַלטער איידלמאַן, מיט אַ גוטן אויסזען. ער האָט זייער סימפּאַטישע, גרויסע אידישע אויגן און הערט זייער שווער.

נאָך עטלעכע אַריינפיר־באַמערקונגען אין ענגליש האָבן מיר ביידע גע־רעדט דייטש. אין ענגלאַנד, האָט ראָטשילד געזאָגט, וועט קיינמאָל ניט זיין קיין אַנטיסעמיטיזם. אין פראַנקרייך איז די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע. אין ציוניזם גלויבט ער ניט. ער איז ניט קיין ציוניסט. מיר וועלן קיינמאָל ניט קריגן ארץ־ישראל א. א. וו. ער איז אַן ענגלענדער און וויל בלייבן אַן ענגלענדער. ער „וואָלט געוואָלט", אַז איך זאָל דער קעניגלעכער קאָמיסיע זאָגן דאָס און דאָס, און אַז איך זאָל ניט זאָגן דאָס און דאָס.

אין דעם מאָמענט איז דער גאַנצער ענין פאַר מיר געוואָרן זייער נאַריש. איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל פריער געהאַט געמאַכט צווישן־באַמערקונגען. איצט אָבער האָב איך אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק אים איבערצושרייען, אַז ער איז געוואָרן אינגאַנצן צע'חוש'ט און האָט געהאַלטן פאַרמאַכט דאָס מויל.

„איך וועל זאָגן דער קאָמיסיע, וואָס איך האַלט פאַר ריכטיק, און אין וואָס איך בין איבערצייגט. דאָס איז שטענדיק מיין געוואוינהייט, און אַזוי וועל

איך זיך אויך דאָס מאָל אויפפירן. עס איז פאַלש, אַז די גרויס־מלוכות זיינען קעגן דעם, אַז מיר זאָלן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. דייטשלאַנד און רוסלאַנד האָב איך באַאיינפלוסט, אַז זיי זאָלן זיין דירעקט אויף אונזער זייט. ביים סולטאַן בין איך אַ „פערסאָנאַ גראַטאַ״.

„יאָ״ — האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט — „דער סולטאַן איז נאַטירלעך פריינטלעך מיט אייך, ווייל איר זענט דר. הערצל פון דער „נייע פרייע פרעסע״.

„פאַלש!״ — האָב איך אויסגעשריגן — די „נייע פרייע פרעסע האָט גאָרניט וואָס צו טאָן מיט דער זאַך. די אַרויסגעבער זיינען שונאים אויף־טויט פון מיין פלאַן וועגן אידן. דאָס וואָרט „ציוניזם״ איז ביזן היינטיקן טאָג נאָך ניט געווען געדרוקט אין דער „נייע פרייע פרעסע״. מיט דעם סולטאַן האָב איך וועגן דער „נייע פרייע פרעסע״ איבערהויפט ניט פאַרהאַנדלט״.

ראָטשילד האָט מיר ווייטער געזאָגט, אַז אַרנאָלד ווייט (אַן ענגלישער פאָליטישער שריפטשטעלער, וועלכער האָט אָפט געשריבן ניט־פריינטלעך וועגן אידן) און גאָרדאָן (מיטגליד פון ענגלישן פאַרלאַמענט) האָבן מיך גערופן אַלס קרוין־עדות, בכדי זיי זאָלן זיך קענען אויף מיר שטיצן און זאָגן: „דר. הערצל איז זיכער דער בעסטער איד, און ער דערקלערט, אַז אַ איד קען קיינמאָל ניט ווערן קיין ענגלענדער״.

„עס וואָלט געווען נאַריש און חוצפה׳דיק פון מיר״ — האָב איך געענטפערט — „ווען איך זאָל האַלטן פאַר דער קאָמיסיע אַ פאָרלעזונג וועגן די אייגנשאַפטן פון אַן אמתן ענגלענדער. איך וועל זאָגן פשוט, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע נויט עס הערשט אין מזרח, און אַז די מענטשן מוזן פון דאָרט אַוועקפאָרן, אָדער זיי וועלן אויסשטאַרבן. די נויט אין רומעניע איז אונז באַקאַנט זינט 1897. אין גאַליציע איז די לאַגע נאָך אפשר אַן ערגערע. דאָרט זיינען פאַראַן זיבן הונדערט טויזנט מענטשן, וואָס לעבן אין נויט. זיי וועלן זיך אויך אַרויסלאָזן אין וועג״.

„איך האָף אַז איר וועט דאָס ניט זאָגן דער קאָמיסיע״ — האָט דער לאָרד זיך אָנגערופן — „עס קענען נאָך קומען באַגרענעצונגס־געזעצן״.

דאָ בין איך שוין אַרויס פון די כלים: „געוויס וועל איך עס זאָגן! גאַנץ געוויס! איר קענט זיך אויף דעם פאַרלאָזן״.

ער איז געוואָרן צערודערט ביז גאָר, האָט אַ קלונג געטאָן און געלאָזט רופן זיין ברודער לעאָפּאָלד.

איך האָב פאַר אים איבערגעזאָגט נאָכאַמאָל, וואָס איך האָב שוין פריער געהאַט דערקלערט, און האָב צוגעגעבן, אַז לויט מיין מיינונג, איז די אידישע צדקה געוואָרן אַ מאַשין צו אונטערדריקן דאָס געשריי פון נויט.

„איך וואָלט געווען אַ שלעכטער און אוממאָראַלישער מענטש״ — האָב איך ווייטער געזאָגט — „ווען איך וואָלט זיך באַגנוגנט מיט זאָגן דער קאָמיסיע זאַכן, וועלכע קענען פירן צו אַ באַגרענעצונג פון דער אימיגראַציע. אָבער איך וועל צופעליק זיין איינער פון די שלעכטע מענטשן, ווען די ענגלישע אידן וועלן מעגן אויפשטעלן אַ דענקמאָל, ווייל איך וועל זיי באַפרייען פון אַ צופלוס פון מזרח־אייראָפּעאישע אידן און אפשר אויך פון אַנטיסעמיטיזם. איך האָב אַ פּלאַן צו פאַרלייכטערן די לאַגע און איך וועל אים דערקלערן פאַר דער קאָמיסיע״.

לאָנדאָן, 10טן יוני 1902.

נאָכדעם ווי מיר האָבן געהאַט פרישטיק צוזאַמען, בין איך אַריינגעגאַנגען מיט לאָרד ראָטשילדן אין אַ פּריוואַטן צימער. — — — איך האָב אים פאָרגע־שטעלט מיין פּלאַן וועגן אַ אידישער געזעלשאַפט פאַר דעם האַלב־אינזל סיני, עגיפּטיש ארץ־ישראל און ציפּערן.

„רופט צונויף אַלע פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער סיטי" — האָב איך געזאָגט — „אָרגאַניזירט די אידישע געזעלשאַפט, און איר וועט האָבן אויפגעטאָן אַ פּאַטריאָטישע זאַך פאַר ענגלאַנד. אָבער דער עיקר — קיין שום פילאַנטראָפּיע ניט. עס מוז זיין „ביזנעס".

„גיט מיר אייער פּלאַן אויף פּאַפּיר" — האָט ער געענטפערט — „איך וועל רעדן וועגן דעם פּרייוואַט מיט טשעמבערלענען (קאָלאָניאַל־מיניסטער). אָבער איך וויל ניט מאַכן קיין גרויסע עקספּערימענטן, אונטער קיין שום אומשטענדן. בלויז אַ קליינעם — באַזעצן פינף און צוואַנציק טויזנט מאַן, העכסטנס".

„ניין, איך וויל דאָס טאָן אָדער אין אַ גרויסן פאַרנעם, אָדער גאָרניט" — האָב איך געענטפערט.

בקיצור, נאָך פאַרשיידענע ווייטערדיקע מיינונגס־אויסטוישן, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז איך זאָל אים צושיקן אַן עקספּאָזע וועגן מיין פּלאַן.

לאָנדאָן, 12טן יולי 1902 (פון אַ פאַרטרוילעכן בריוו צו לאָרד ראָטשילדן).

„— — — בכדי אויסצומיידן מיספאַרשטענדענישן, פאַר איצט אָדער אין דער צוקונפט, וויל איך באַטאָנען, אַז איך האָב אויסגעאַרבעט דעם דאָזיקן פּלאַן פאַר אייך דערפאַר, ווייל איר האָט דערקלערט אַז איר זענט קעגן ארץ־ישראל. איר זענט דער עפעקטיוועסטער כוח, וואָס אונזער פאָלק האָט פאַרמאָגט, זינט ער איז פאַרטריבן געוואָרן אין גלות. און איך באַטראַכט פאַר מיין פליכט צו דינען אייך מיט מיין באַשיידענער עצה, אויב איר ווילט ווירקלעך טאָן עפּעס ממשותדיקס פאַר אונזערע אומגליקלעכע ברידער. איך קען זיך ניט דער־לויבן אָפּצואוואַרפן, צוליב פּרינציפּיעלע טעמים, וועלכן עס איז קוואַל אָדער פאָרעם פון באַלדיקער הילף פאַר אונזערע אָרעמסטע פון די אָרעמע.

„אין צוגאָב צו דעם דאָזיקן מענטשלעכן אינטערעס האָב איך אויך אַ פּאָ־ליטישן מאָטיוו. אַ גרויסער אידישער ישוב ביים מיטללענדישן ים וועט שטאַרקן אונזערע באַמיאונגען פאַר ארץ־ישראל. די אידן אין דער בריטישער קאָלאָניע פון דער פאַרגעשלאָגענער אידישער מזרח־געזעלשאַפט וועלן זיין אַזעלכע לאָיאַלע ציוניסטן, ווי עס זיינען הירשס קאָלאָניסטן אין דער ווייטער אַרגענטינע.

„צי איך וועל קענען זיין באַהילפיק ביים דורכפירן דעם פּלאַן, דאָס הייסט, צי איך קען אַנגאַזשירן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַז זי זאָל אים שטיצן, איז אָפּהענגיק פון דעם באַשלוס פון מיין פּאַרטיי".

אַלט־אַוסזעי, 22טן אויגוסט 1902 (פון אַ בריוו צו לאָרד ראָטשילדן).

„— אייער פריינטלעכן קעגנערישן בריוו האָב איך מיט דאַנק דערהאַלטן. אויף דעם, אַז דער אידישער ישוב, וועלכן איך וויל אויפשטעלן, זאָל זיין קליין, אָרטאָדאָקס און ניט ליבעראַל — קען איך ניט מסכים זיין. איך האָב

דריי יאָר לאַנג געאַרבעט איבער אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקן ענטפער אויף די און ענלעכע פראַגן. דערפון איז געוואָרן אַ בוך אונטערן נאָמען „אַלט־ניילאַנד", וואָס וועט דערשייגען אין עטלעכע וואָכן אַרום. איר וועט זיין צווישן די ערשטע, צו וועמען איך וועל עס שיקן.

„אָבער איינס וואָלט איך אייך שוין איצט געוואָלט זאָגן. זיינען די גרינדער פון די מלוכות, וועלכע זיינען שוין איצט גרויס, געווען מעכטיקער, קליגער, געבילדעטער, רייכער ווי מיר, די איצטיקע אידן? אָרעמע פּאַסטוכער און יעגער האָבן געגרינדעט ישובים, פון וועלכע עס זיינען שפּעטער אויסגעוואָקסן מלוכות. אין אונזער אייגענער צייט האָבן גריכן, רומענער, סערבן, בולגאַרן זיך עטאַב־לירט אַלס מלוכות — און מיר זאָלן דאָס ניט קענען טאָן?

„אונזער פאָלק איז אין אַלעמען טיכטיקער, ווי די מערסטע פעלקער אויף דער ערד. דאָס איז טאַקע די סיבה פון דער גרויסער שנאה צו אונז. מיר האָבן ביז איצט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו זיך אַליין. אין דעם טאָג, ווען מיר וועלן אָנהויבן גלויבן אין זיך אַליין, וועט אונזער מאָראַלישע נויט זיך ענדיקן. נאַ־טירלעך וועלן נאָך ווייטער זיין קאַמפן און שוועריקייטן, אינערלעכע און אויסערלעכע. אָבער וואָס פאַר אַ לאַנד, וואָס פאַר אַ מדינה האָט זיי ניט? מיר וועלן אויך שטענדיק אַרויסגעבן פון זיך די מענטשן, וועלכע וועלן זיך קענען ראַנגלען מיט די שוועריקייטן".

„די אַנטשטייאונג פון אידישן ישוב, פון דער אידישער קאָלאָניע — רופט עס אין אָנהויב, ווי איר ווילט — וועט פון די מלוכות אויפגענומען ווערן ניט מיט קיין קעגנערישן ווילן אָדער אומצוטרוי. אויף דעם האָב איך אַ סך און געניגנדיקע באַווייזן".

# ערשטע טרוימער און קעמפער

אין הערצלס טאָג־ביכער ציט זיך דורך פאַר אונז אַ קאָלירפולע גאַלעריע טיפּן פון די ערשטע טרוימער און קעמפער פון ציוניזם — שיינע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן די ערשטע אויפגענומען דעם רוף וועגן אידנשטאַט און זיך אָנגעשלאָסן אָן דער באַוועגונג. אין ווייטערדיקע קאַפּיטלען ווערן דערמאָנט עטלעכע פון זיי, ווי זיי שפּיגלען זיך אָפּ אין הערצלס טאָג־ביכער.

## ישראל זאַנגוויל

**דער באַרימטער ענגליש־אידישער שריפטשטעלער ישראל זאַנגוויל, איז געווען איינער פון די ערשטע חובבי ציון אין לאָנדאָן. הערצל האָט אים אַריבערגעוואונען אויף זיין זייט, ביי זיין באַזוך אין לאָנדאָן, אין 1895. זאַנגוויל האָט זיך באַטייליקט אין ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, פון וועלכן ער איז אַוועקגעפאָרן אַ באַגייסטערטער פאַר דער אידייע פון פּאָליטישן ציוניזם. ער האָט געבראַכט אַ סך נוצן אין דער פּאָליטישער אַרבעט פאַרן אידנשטאַט. ווען אוגאַנדע איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע, איז זאַנגוויל געוואָרן איינער פון די שטאַרקסטע אָנהענגער פון דעם פּלאַן. ער האָט צוליב דעם איבערגעריסן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און געשאַפן די „אידישע טעריטאָריאַליסטישע אָר־ גאַניזאַציע". נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט זאַנגוויל זיך צוריקגע־ קערט צום ציוניזם (געבוירן אין 1864 און געשטאָרבן אין 1926).**

לאָנדאָן, 21טן נאָוועמבער 1895.

**אַ באַזוך ביי ישראל זאַנגווילן, דעם שריפטשטעלער. ער וואוינט אין קילבורן, נאָרד־וועסט. אַ רייזע אין נעפּל, דורך ענדלאָזע גאַסן. אָנגעקומען ניט אין קיין געהויבענער שטימונג. דאָס הויז זעט אויס נישקשה׳דיק אָפּגע־ לאָזן. אין זיין אַרבעטס־צימער, וואָס איז אויסטאַפּעצירט מיט ביכער, זיצט זאַנגוויל ביי אַ גוואַלטיק־גרויסן שרייב־טיש, מיט דעם רוקן צום קאַמין. נאָענט ביים פייער זיצט זיין ברודער, לייענענדיק. ביידע מאַכן דעם איינדרוק פון דרום־מענטשן, וואָס כאַפּן אַ ציטער אין אַ פראָסט. ישראל זאַנגוויל איז פון אַ לאַנג־נאָזיקן נעגער־טיפּ, מיט וואָלענע, טיף־שוואַרצע, אין דערמיט געשרינטל־ טע האָר. אויף זיין גלאַט־ראַזירטן פּנים ליגט דער אויסדרוק פון דער האַר־ טער הויכמוטיקייט פון אַ מענטש מיט ערלעכע שטרעבונגען, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג דורך שווערע קאַמפן. די אומאָרדענונג אין זיין צימער, ביים שרייב־טיש, מאַכט מיך זיך אָנשטויסן, אַז ער לעבט אַן אינערלעך לעבן. איך האָב ניט געלייענט קיין איינע פון זיינע שריפטן, אָבער איך גלויב, אַז**

איך קען אים. ער מוז פאַרווענדן אויף זיין סטיל די גאַנצע זאָרגפעלטיקייט, וואָס פעלט אין זיין אויסערלעכן אויסזען.

אונזער געשפרעך גייט־צו שווער. מיר רעדן פראַנצויזיש, וואָס ער באַהערשט ניט־גענוגנדיק. איך ווייס אפילו ניט, צי ער פאַרשטייט מיך. פונדעסטוועגן אייניקן מיר זיך וועגן די הויפּט־פּונקטן. ער איז אויך פאַר אונזער טעריטאָ־ריאַלער זעלבסטשטענדיקייט.

ער שטייט אויף דעם ראַסן־שטאַנדפּונקט, וועלכן איך קען שוין ניט אָנ־נעמען, ווען איך טו אַ קוק אויף אים און אויף מיר. איך מיין בלויז: מיר זיינען אַ היסטאָרישע איינהייט, אַ גאַנצע נאַציע מיט אַנטראָפּאָלאָגישע פאַר־שיידנקייטן. דאָס איז אויך גענוג פאַר דעם אידנשטאַט. קיין איין נאַציע האָט ניט די איינהייט פון דער ראַסע.

באַלד גייען מיר אַריבער צו פּראַקטישע ענינים. ער רופט מיר אָן נעמען פון עטלעכע איינפלוסרייכע מענטשן: קאָלאָנעל גאָלדסמיט, מאלער סאלאָמאָן, ראַבינער סינגער מאקאַטאַ, ישראל אייבראַהאַמס, מאָנטעפיאָרע, לוסיען וואָלף, דזשאָזעף דזשייקאָבס, נייטן ס. דזשאָזעף, און נאַטירלעך אויך דעם הויפּט־ראַבינער הערמאַן אַדלער.

מיט זיי אַלע וועל איך זיך צוזאַמענטרעפן קומענדיקן זונטיק ביים באַנקעט פון די מאַקאַבעיער, און איך וועל אָפּרעדן מיט זיי צו האָבן מאָנטיק אַ פאַר־זאַמלונג, אויף וועלכער איך וועל פאַרשטעלן מיין פּלאַן. קאָלאָנעל גאָלדסמיט, וועלכער איז פאַר מיר דער וויכטיקסטער, געפינט זיך מיט זיין רעגימענט אין קאַרדיף. זאַנגוויל וועט אים בעטן טעלעגראַפיש, אַז ער זאָל אַהערקומען. אויב ניט, וועל איך מוזן פאָרן קיין קאַרדיף.

לאָנדאָן, 24טן נאָוועמבער 1895.

אָן אָוונט ביי די מאַקאַבעיער. אַ מאָגערער מאָלצייט, אָבער אַ גוטער קבלת־פּנים. אַלע באַגריסן מיך האַרציק. נאָכן עסן גיט מיר זאַנגוויל דאָס וואָרט מיט אַ לייכט־סאַטירישן אַריינפיר. איך רעד פריי, אין דריי טיילן. די ערשטע צוויי אין דייטש. ראַבינער סינגער מאַכט דערביי נאָטיצן און רעזומירט, אין ענגליש, מיינע אויספירונגען. דעם דריטן טייל רעד איך אין פראַנצויזיש. מיין רעדע ווערט אַפּלאָדירט. זיי באַראַטן זיך שטיל, צווישן זיך, און ווילן מיך אויס איינשטימיק אַלס ערן־מיטגליד.

לאָנדאָן, 7טן יולי 1896.

נעכטן אָוונט ביים מאַקאַבעיער־באַנקעט.

דער באַנקעט האָט געטראָגן אַ פייערלעכן כאַראַקטער. אויף דעם טאָסט פון פאָרזיצער סינגער האָב איך געענטפערט אויף דייטש און פראַנצויזיש. דאָס האָט געגעבן זאַנגווילן די מעגלעכקייט צו מאַכן דעם וויץ, אַז איך בין ווי דער נייער זשורנאַל „קאָסמאָפּאָליט", וואָס דערשיינט אין דייטש, פראַנצויזיש און ענגליש.

דערנאָך זיינען מיר אַריינגעגאַנגען אין רעפּעראַטן־זאַל, און איך האָב געהאַלטן מוטיק מיין רעדע. דער דערפאָלג איז געווען זייער גרויס. שפּעטער

איז געקומען אַ דעבאַטע מיט די אַלטע אַרגומענטן, אויף וועלכע איך האָב געגעבן די שוין־באַקאַנטע ענטפערס.

לאָנדאָן, 9טן יוני 1902.

וואָס איך דאַרף איצט, איז די קאָנדענסירונג פון מיין לופטיקער אָרגאַניזאַציע. אין אַ געוויסער מאָס דאַרף איך באַשאַפן די דאָזיקע לופט, וואָס רופט זיך: ציוניסטישע באַוועגונג. — — —

איך וועל פּרוּוון שאַפן אַ קאָנצערן פאַר עקספּלואַטירן די טערקישע נאַטור־רייכטימער. איך האָב שוין גערעדט וועגן דעם מיט זאַנגווילן און קאָווען. היינט אין אָוונט וועל איך זיך צוזאַמענקומען מיטן בערזע־מענטש מייערס ביי זאַנגווילן.

ווין, 11טן מאַי 1903.

קאָלאָנעל גאָלדסמיט טעלעגראַפירט מיר פון קאַיראָ:

לאָרד קראָמער (ענגלישער וויצע־רעגענט אין עגיפּטן) האָט אינפאָרמירט גאָלדסמיטן, אַז די עגיפּטישע רעגירונג האָט אינגאַנצן אָפּגעזאָגט (דעם פאָרשלאַג וועגן אידישן קאָלאָניזאַציע אויפן האַלב־אינזל סיני).

דאָס איז דער סוף פון דער גאַנצער קאָמבינאַציע! איך שיק די מיטטיילונג צו זאַנגווילן קיין לאָנדאָן. „עס איז איינפאַך אויס!"

# קאָלאָנעל אַלבערט עדוואַרד גאָלדסמיט

דער פירער פון די חובבי ציון אין ענגלאַנד, קאָלאָנעל אַלבערט עדוואַרד גאָלדסמיט (געבוירן אין 1846, געשטאָרבן אין 1904), איז געווען איינע פון די מערקווירדיקסטע פערזענלעכקייטן אין הערצלס סביבה — ווי דער לייענער וועט באַלד זען פון די אויסצוגן פון הערצלס טאָג־ביכער. ער איז באַגייסטערט געוואָרן פאַר דער אידנשטאַט־אידייע, אָבער איז געווען קעגן צונויפרופן אַ ציוניסטישן קאָנגרעס. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ביי די באַמיאונגען וועגן דעם פּלאַן פון אידישער קאָלאָניזאַציע אויפן האַלב־אינזל ס׳ני, האָט הערצל אים געשיקט מיט אַ וויכטיקער מיסיע קיין קאַיראָ.

25טן נאָוועמבער 1895, אין קאַרדיף.

ביים קאָלאָנעל גאָלדסמיט.

ווען איך בין אָנגעקומען, האָט דער קאָלאָנעל מיך אָפּגעוואַרט אויפן וואָקזאַל אין זיין אוניפאָרם. ער איז פון מיטל־הויכן וואוקס, מיט שוואַרצע וואָנסעס, אַנגליזירט יוגנט־פּנים, מיט גוטע, קלוגע, טונקעלע אויגן.

אויפן וואָקזאַל האָט געוואַרט אַ קליינער יאַגד־וואָגן. מיר האָבן זיך אויסגעטוישט מיט עטלעכע ווערטער, בעת מיר זיינען געפאָרן דורך קאַרדיף צו זיין הויז.

ער האָט מיר געזאָגט מיט אַן אויסדרוק פון גרויס פאַרגעניגן: „מיר וועלן אַרבעטן פאַר דער באַפרייאונג פון ישראל".

דאַן האָט ער מיר דערציילט, אַז ער איז דער קאָמענדאַנט פון קאַרדיף און אומגעגנט, און האָט מיר געוויזן די שטאָט.

אין הויז האָט געוואַרט אויף אונז פרוי גאָלדסמיט, אַ פיינע שלאַנקע ענג־לענדערין, מיט אירע צוויי יונגע טעכטער, רחל און כרמל, אַן ענגלישע גאַסט־פריינטלעכע באַגריסונג, וואָס מאַכט אייך באַלד פילן, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן.

נאָכמיטאָג האָב איך איבערגעלייענט דעם פּלאַן פאַר דעם קאָלאָנעל. ער פאַרשטייט ניט גוט די דייטשע שפּראַך. די דערקלערונג האָט זיך אַביסל פאַר־שלעפּט. אָבער ער האָט מיר געזאָגט: „דאָס איז די אידייע פון מיין לעבן".

די אָנפירונג מיט דעם פּראָיעקט קען ער ניט איבערנעמען, ווייל די אידייע איז אַ פּאָליטישע, און אַלס אָפיציר טאָר ער ניט באַשעפטיקן זיך אַקטיוו מיט פּאָליטיק. ווען אָבער די באַוועגונג וועט שוין געשאַפן ווערן, וועט ער פאַרלאָזן די ענגלישע דינסט און אַריינטרעטן אין דער אידישער. אָבער אַנשטאָט „אידן" וואָלט ער געוואָלט בעסער זאָגן „איזראַעליטן", ווייל ישראל נעמט אַרום אַלע שטאַמען.

ער האָט מיר געוויזן די פאָן פון די חובבי ציון: די סימבאָלן פון די צוועלף שבטים. איך, פון מיין זייט, האָב אים פאַנאַנדערגעוויקלט מיין ווייסע פאָן מיט די זיבן שטערן.

ניט געקוקט אויף דעם האָבן מיר פאַרשטאַנען און פאַרשטייען איינער דעם אַנדערן. ער איז אַ וואונדערבאַרער מענטש.

נאָכן עסן, ווען די דאַמען און דער אַנדערער איינגעלאַדענער ענגלישער קאָלאָנעל זיינען געווען אין סאַלאָן, בין איך אַריינגעגאַנגען מיט גאָלדסמיטן אין רויכער־צימער. און דאָ איז געקומען די מערקווירדיקע דערציילונג:

„איך בין דאַניאל דעראָנדאַ" — האָט ער געזאָגט — „איך בין געבוירן געוואָרן אַ קריסט. מיין פאָטער און מוטער זיינען געווען גע'שמד'טע אידן. ווען איך האָב זיך דערוואוסט וועגן דעם אין מיינע יונגע יאָרן אין אינדיע, האָב איך באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך צום שטאַם פון מיינע אָבות. זייענדיק אַ ליוטע־נאַנט בין איך אַריבערגעגאַנגען צום אידנטום. מיין פאַמיליע איז געווען דערפון שטאַרק אויפגעבראַכט. מיין פרוי איז אויך אַ קריסטין פון אידישער אָפּשטאַמונג. איך האָב זי אַוועקגעפירט קיין סקאָטלאַנד, וואו מיר האָבן אין אַנהויב ציוויל חתונה געהאַט. דאַן האָט זי געמוזט אַריבערגייך צום אידנטום, און מיר האָבן חתונה געהאַט אין אַ סינאַגאָגע. איך בין אַן אָרטאָדאָקסישער איד. דאָס האָט מיר ניט געבראַכט קיין שאָדן אין ענגלאַנד. מיינע קינדער רחל און כרמל האָבן באַקומען אַ שטרענג־רעליגיעזע דערציאונג און האָבן געלערנט העברעאיש אין פריען עלטער".

דאָס און זיינע דערציילונגען פון דרום־אַמעריקע האָבן געקלונגען ווי אַ ראָמאַן. דערפאַר ווייל ער האָט געאַרבעט פאַר הירשן אין אַרגענטינע און קען די דאָרטיקע באַדינגונגען, איז כדאי צו הערן זיין עצה, אַז: בלויז ארץ־ישראל דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט. די פרומע קריסטן אין ענגלאַנד וועלן אונז העלפן, ווען מיר וועלן גיין קיין ארץ־ישראל. ווייל זיי דערוואַרטן, אַז נאָכן צוריקקער פון אידן קיין ארץ־ישראל וועט קומען משיח.

מיט גאָלדסמיטן האָב איך זיך פּלוצלונג געפונען אין אַן אַנדערער וועלט.

רחל און כרמל האָבן זיך אויפגעפירט פיין און עלעגאַנט. באמת, אַן אַנדערע וועלט. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך האָב שוין פאַר מיר די אַריסטאָ־קראַטישע אידישע פרויען פון דער קומענדיקער עפּאָכע. פיינע באַשעפענישן, מיט אַן אָריענטאַלישן חן, איידל און טרוימעריש. און אַלס קונסט־צירונג איז אויפן טיש אין סאַלאָן געלעגן אַ קליינע ספר־תורה אין אַ זילבערנער שיידל.

קאַרדיף, 26טן נאָוועמבער 1895.

געזעגנט זיך מיט גאָלדסמיטן. ער איז מיר שוין איינגעוואַקסן אין האַרצן, ווי אַ ברודער.

לאָנדאָן, 10טן יולי 1896.

גאָלדסמיט איז דאָ. נאָך פרישטיק האָבן מיר גערעדט אין זיין רויכער־צימער, וואָס ליגט האַלב אין קעלער. זיין הויז אין פרינסעס סקווער איז אַביסל איינגנטימלעך. די גאָלסמיט־ד׳אַביגדורס זיינען דאָ איינע פון די בעסטע אי־דישע משפחות, און דאָס הויז היט אָפּ שיינע דעראינערונגען.

גאָלדסמיט האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין אַביסל קילער, ווי דעמאָלט אין קאַרדיף — און אפשר האָב איך וויניקער פאַרלאַנגט אין יענע ערשטע טעג?

פונדעסטוועגן האָב איך אים דערוואַרעמט מיט דעם באַריכט פון מיינע ביז־איצטיקע רעזולטאַטן. אַמסימפּאַטישסטן איז אָבער געווען פאַר אים, אויב איך מאַך ניט קיין טעות, מיין וואָרט, אַז איך וועל זיך צוריקציען פון דער לייטונג פון דער באַוועגונג, ווען עדמאָנד דע ראָטשילד וועט צושטיין. מיט דעם האָב איך אים געוואָלט באַווייזן, אַז עס גייט מיר ניט וועגן מיין פּערזענלעכער פירערשאַפט.

גאָלדסמיט האָט מיר געמאַכט קלאָר, אַז ער אַליין וועט ניט קענען נעמען קיין פירנדיקן אַנטייל אַזוי לאַנג, ווי ער איז אויף אַ פולן געהאַלט אין דער ענגלישער אַרמיי. אָבער איך האָב געקענט פאַרשטיין, אַז אין פּרינציפּ איז ער מסכים מיט אונז.

ווין, 4טן אַפּריל 1897.

אַ דערשלאָגנדיקער בריוו פון דע האַז (ציוניסטישער פירער, געבוירן אין לאָנדאָן און געווען במשך פון פיל יאָרן אַקטיוו אין אַמעריקע, איינער פון הערצלס ערשטע מיטאַרבעטער) אין לאָנדאָן. קאָלאָנעל גאָלדסמיט האָט אים געראָפן און אים געבעטן מיך אָפּצורעדן פון צונויפרופן אַ קאָנגרעס (ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס), בכדי צו פאַרהיטן פון אַ שפּאַלטונג אין די רייען פון די חובבי ציון. אַנשטאָט דעם זאָל איך זיך באַטייליקן אין אַ דעלעגאַטן־קאָנפערענץ אין פּאַריז קומענדיקן הערבסט.

איך שרייב צו דע האַז צו גיין פּאַראויס, ער מיט זיינע נאָכפאָלגער, און מאַכן די צוגרייטונגען צום קאָנגרעס אומדערשראָקן און טאָפּלט־גיך. אַ שפּאַלטונג — זאָל זיין אַזוי!

ווין, 4טן אַפּריל 1897.

איך האָב אויך באַקומען היינט אַ בריוו פון קאָלאָנעל גאָלדסמיטן, וועלכער

שרייבט מיר דאָסזעלבע, וואָס ער האָט געזאָגט דע האַן. ער בעט מיך צו פּאַראייניקן אונזערע כוחות מיט זיינע און פאַרזיכערט מיר אין זיין אויפריכ־טיקער פריינטשאַפט.

איך האָב אים געענטפערט:

„מיין טייערער קאָלאָנעל:

„אַ דאַנק אייך פאַר דעם האַרציקן טאָן פון אייער בריוו. איך בין באמת אייך אַ סך שולדיק. איך באַדויער בלויז, וואָס איר פאַרשטייט מיך ניט.

„דער קאָנגרעס איז שוין אַ באַשלאָסענע זאַך. און איך קען זיך דערפון מער ניט צוריקציען. אָבער דער קאָנגרעס איז אויך אַ נויטווענדיקייט. — — — איך האָב גענוג־לאַנג געוואַרט. אין אויגוסט וועט ווערן צוויי יאָר, ווי איך האָב אונטערגענומען די ערשטע פּראַקטישע שריט אין דער אידן־פראַגע. איך האָב עס געוואָלט דורכפירן אָן אויפרודערן די מאַסן, פון אויבן אַראָפּ, מיט די מענטשן וועלכע האָבן ביז איצט געבראַכט גרויס נוצן דעם ציוניזם. מען האָט מיך ניט פאַרשטאַנען, ניט אונטערשטיצט. איך מוז אַליין גיין ווייטער. אויף דעם קאָנגרעס וועל איך רופן די מאַסן צו זעלבסטהילף, ווייל קיינער וויל זיי ניט העלפן.

„אייער פאָרשלאַג צו מאַכן אָפּהענגיק דעם אַנטייל פון די חובבי ציון פון דעם באַשלוס פון פאַריזער צענטראַל־קאָמיטעט (פון די חובבי ציון) וועט — ווי איך מיין — ניט פירן צו גאָרניט. איך קען זייער באַשלוס פון פאָראויס. עס וועט זיין אַן אָפּזאָג. דאָרט אַרבעט הינטער דער סצענע עמעצער, מיט וועמען איך וויל ניט אַריינגיין אין קיין קאָנקורענץ אָדער דיסקוסיע. ער וועט טאָן אַלצדינג, ניט צו דערלאָזן צום קאָנגרעס. ער וועט זאָגן, אַז דאָס אַרויס־קומען אין דער עפנטלעכקייט איז שעדלעך פאַר אונזערע באַמיאונגען. דאָס אַלץ איז ניט אמת.

„דער סולטאַן און זיינע ראַטגעבער זיינען באַקאַנט מיט דעם אידן־פּלאַן. איך האָב גערעדט גאַנץ אָפן מיט די טערקישע מלוכה־מענער, און זיי האָבן עס מיר ניט גענומען פאַר אומגוט. זיי ווילן אונז ניט געבן ארץ־ישראל אַלס אַן אומאָפּהענגיקע מדינה — פאַר קיין שום פּרייז ניט. אַלס אַ וואַסאַל־מדינה (אפשר אַזוי ווי עגיפּטן) קענען מיר באַקומען דאָס לאַנד פון אונזערע אָבות אין דער קירצסטער צייט. עס קען זיין, אַז מיר וואָלטן עס שוין איצט געהאַט, ווען מען וואָלט פאַר־אַ־יאָרן אין יולי איינגעגאַנגען אויף מיינע לאָנדאָנער און פאַריזער פאָרשלאַגן. פאַרשטייט איר מיין צאָרן און מיין אומגעדולד?

„איר, קאָלאָנעל, וואָלט געדאַרפט אַריינטרעטן אין טערקישן דינסט, אַלס אַ גענעראַל — אַזוי ווי וואודס, קאמפּהעווענער, גאָלץ און אַנדערע אויסלענדישע אָפיצירן. איר וואָלט געווען קאָמאַנדיר אין ארץ־ישראל אונטער דעם פּראָ־טעקטאָראַט פון סולטאַן. ארץ־ישראל וואָלט דאַן אַריבער צו אונז אָדער צו אונזערע קינדער אַלס אַן אומאָפּהענגיקע מדינה, נאָכדעם, ווי טערקיי וועט צעפאַלן ווערן. איז דער דאָזיקער פּלאַן אַזאַ משוגענער? די פינאַנציעלע אַראַנ־זשירונג וואָלט געווען נאָך איינפאַכער, ווען די געלט־מאַגנאַטן וואָלטן מיט אונז מיטגעגאַנגען, ווי איך האָב עס פאָרגעשלאָגן.

„צוליב דעם, וואָס עס איז ניט געגאַנגען אויף דעם דאָזיקן וועג, וועט עס

מוזן גיין אויף אַן אַנדערן. איך גלויב, אַז איר מאַכט אַ טעות, ווען איר דער־וואַרט ניט קיין שום געלט פון די מאַסן. יעדער איינער דאַרף ברענגען בלויז אַ קליינע ביישטייערונג, און דער סך־הכּול וועט שוין זיין אַ גרויסער. דאָס וועט זיין די אויפגאַבע פון דער וועלט־פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע וועט אַרויסגיין פון קאָנגרעס. וועגן דעם, ווי וועגן אַ געלט־ענין, דאַרף איך זיך ניט זאָרגן. אויפן קאָנגרעס וועלן מיר אויך האָבן פּראָפעסיאָנעלע באַנקירן, וועלכע וועלן זיך פאַרנעמען מיט דעם טייל פון דער אַרבעט.

„אין מינכען (וואו דער קאָנגרעס האָט אין אָנהויב געזאָלט פאָרקומען, און צוליב דער קעגנערשאַפט פון דער דאָרטיקער אידישער געמיינדע איז שפּעטער אויסגעקליבן געוואָרן באַזעל) וועט נאָך אַזויפיל יאָרן זיך ווידער צונויפקומען אַ אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג!

„איז דאָס ניט עפּעס אַזעלכעס וואָס איז אַזוי גרויס, אַז יעדעס אידיש האַרץ דאַרף אָנהויבן קלאַפּן שטאַרקער ביים דאָזיקן געדאַנק? היינט־צו־טאָג נאָך אין דער פרעמד — לשנה הבאה שוין אפשר אין אַלטן היימלאַנד?

„איר, קאָלאָנעל גאָלדסמיט, וועלכער האָט מיך אַזוי טיף גערירט אין יענעם אָוונט אין קאַרדיף, ווען איר האָט מיר דערציילט אייער געשיכטע און אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „איך בין דניאל דעראָנדאַ" — האָט איר ניט קיין חשק אַנטיילצונעמען אין דער דאָזיקער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג? איך וואָלט געקענט פאַרשטיין, ווען איר דאַרפט זיך רעכענען מיט פּערזענלעכע טעמים צוליב אייער פּאָזיציע אין דער אַרמיי. אָבער פון ציוניסטישן שטאַנד־פּונקט קענט איר דאָך באמת גאָרניט האָבן קעגן דעם.

„אַז איך האָב ניט דערביי קיין „פּערזענלעכע כוונות", מוזט איר מיר גלויבן. איך באַשטיי אויף דעם. — — — שטעלט מיך פאַר אַ פּרואוו. איך מאַך אייך נאָכאַמאָל דעם פאָרשלאַג: פאַראייניגט זיך מיט עדמאָנד ראָטשילדן, מיט מאָנטעגיו און מיט אַלע אַנדערע, וועלכע איר ווילט נאָר אַליין. גיט מיר אייער ערן־וואָרט, אַז איר וועט דערפירן ביז צום סוף דאָס, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל — און איך גיב איין מיין ערן־וואָרט, אַז איך וועל אויף אייביק זיך צוריקציען פון דער אָנפירונג פון דער אַרבעט פאַר אונזער אידישן ענין.

אויב איר זענט ניט בכוח דאָס צו טאָן, דאַן פאַראייניקט אייערע כוחות מיט מיינע און לאָמיר אַרבעטן צוזאַמען!"

ווין, 8טן יוני 1897.

לאָנדאָנער „דזשואיש קראָניקל" פון 4טן יוני ברענגט פאָלגענדיקע מיט־טיילונג:

„לעצטן מאָנטיק איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון די חובבי ציון אונטערן פאָרזיץ פון קאָלאָנעל גאָלדסמיט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער פאַרבאַנד פון די חובבי ציון דאַרף זיך ניט באַטייליקן און דאַרף ניט שיקן קיין דעלע־גאַציע צום קאָנגרעס, וואָס ווערט צונויפגערופן דורך דר. הערצלען און וואָס דאַרף זיך צונויפקומען אין מינכען קומענדיקן אויגוסט".

# סער סעמיועל מאָנטעגיו

הערצל האָט וועגן אים זיך אויסגעדריקט: „דער בעסטער איד, וועלכן איך האָב ביז איצט געזען”. פּראָמינענטע פּאָליטישע פיגור אין ענגלאַנד, מיטגליד פון פּאַרלאַמענט. פעטער פון לאָרד סעמיועל, ערשטן בריטישן היי־קאָמישאָנער אין ארץ־ישראל. שוין אין 1892 האָט סער סעמיועל מאָנטעגיו צוגעשיקט אין נאָמען פון די ענגלישע חובבי ציון אַ פּעטיציע צום טערקישן סולטאַן וועגן אידישער קאָלאָניזאַציע אין עבר הירדן. האָט שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט הערצלס אידייע, אָבער האָט געשטעלט באַדינגונגען פאַר אַקטיווער הילף (געבוירן אין 1832, געשטאָרבן אין 1900).

לאָנדאָן, 24טן נאָוועמבער 1895.

געגעסן מיטאָג ביי סער סעמיועל מאָנטעגיו, אַ מיטגליד פון פּאַרלאַמענט. אַ הויז פון ענגלישער עלעגאַנץ אין גרויסן סטיל. סער סעמיועל איז אַ פּרעכטיקער אַלטער מאַן, דער בעסטער איד, וועלכן איך האָב ביז איצט געזען. מיט זיין פאַמיליע, וועלכע איז איבעריקנס ניט ליבנסווירדיק און אפשר בלויז גוט דערצויגן, פירט ער דעם טיש, ווי אַ גוטמוטיקער פּאַטריאַרך.

אַ כשרע קיך, מיט דריי דינער אין ליווריען, וואָס האָבן דערלאַנגט צום טיש.

נאָכן עסן האָב איך אים אין רויכער־צימער אַנטוויקלט מיין אידייע. ביסלעכווייז האָב איך אים באַגייסטערט. ער האָט זיך פאַר מיר מודה געווען, פאַרטרוילעך, אַז ער פילט זיך מער אַלס אַ איזראַעליט, ווי ענגלענדער. ער וואָלט מיט זיין גאַנצער משפחה זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל. ער האָט אין זין אַ גרעסערע ארץ־ישראל, ניט די אַלטע.

פון אַרגענטינע וויל ער גאָרניט הערן.

ער איז גרייט זיך אָנצושליסן אין אונזער קאָמיטעט, וויבאַלד איינע פון די גרויסמאַכטן וועט נעמען ערנסט דעם ענין.

איך זאָל אים שיקן מיין בראָשור (וועגן אידנשטאַט), איידער איך וועל זי ענדגילטיק פאַרעפנטלעכן.

ווין, 27טן פעברואַר 1896.

לאָנדאָנער „דעילי קראָניקל” פאַרעפנטלעכט אינטערוויוען מיט דעם מאָלער האלמאַן הונט און מיט סער סעמיועל מאָנטעגיו וועגן מיין בראָשור „דער אידנשטאַט”.

מאָנטעגיו מיינט, אַז מען קען פאָרשלאָגן דעם סולטאַן צוויי מיליאָן פונט פאַר ארץ־ישראל.

ווין, 14טן מאַי 1896.

איך האָב געענטפערט רעווערענד סינגערן אין לאָנדאָן און אים געבעטן איבפאָרמירן מאָנטעגיון, אַז איך האָב ניט בדעה צו ווענדן זיך מיט אַ „מאַניפעסט” צום סולטאַן — וואָס וואָלט געווען אַן עכט־ענגלישער געדאַנק — נאָר איך

וויל פאַרהאַנדלען אין געהיים. עווענטועל וועל איך רופן מאָנטעגיון קיין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל, אַז ער זאָל מיר מיטהעלפן.

לאָנדאָן, 8טן יולי 1896.

איך בין געפאָרן צו מאָנטעגיון אין „האַוז אָוו קאָמאָנס".

די גאָטישע סקולפּטור און די באַוועגונג אין אויפנאַם־זאַל האָבן מיך שטאַרק אינטערעסירט. ביים אָנבליק פון דער דאָזיקער אימפּאָזאַנטער פּאַרלאַמענט־מאַשינעריע — אויסערלעכקייטן האָבן זייער שטאַרקן עפעקט — האָט מיך אָנגעכאַפּט אַביסל אַ קאָפּ־שווינדל. גלייכצייטיק האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די ענגלישע אידן האַלטן זיך אַזוי שטאַרק צוגעבונדן צו זייער לאַנד, וואו זיי קענען אין אָט דעם הויז זיך אַריינציען אַלס באַלעבאַטים.

מאָנטעגיו האָט זיך באַוויזן און האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ רייצנדיקן קליינעם קאָנפערענץ־צימער, מיט גאָטישע פענסטער, דורך וועלכע מען קוקט אַרויס אויף אַ גאָטישן הויף. איך האָב אים דערציילט וועגן די פּראַקטישע רעזולטאַטן, אָנהויבנדיק פון דעם גרויסהערצאָג פון באַדן ביז צום סולטאַן. אין אָנהויב איז ער געווען אַ ביסל באַאומרואיקט, אָבער באַלד איז ער ווידער אָנגע־וואַרעמט געוואָרן. אַ פּרעכטיקער אַלטער מאַן. זיין ערשטע און וויכטיקסטע איינווענדונג איז געווען וועגן סולטאַן — אַז ווען דער סולטאַן וועט אַריינקריגן דאָס געלט פון דער אידישער שטייער־הלוואה, וועט ער אָנהויבן מאַכן גרויסע צרות די איינגעוואַנדערטע אידן.

אַ שטאַרק קלינגען האָט גערופן מאָנטעגיון צו אַן אָפּשטימונג וועגן טיי־שטייער.

שפּעטער בין איך געפאָרן מיט מאָנטעגיון צו אים אַהיים. אויפן וועג האָט ער מיר געזאָגט, אַז אונטער אַלע באַדינגונגען מוזן מיר זיך באַמיען צו געווינען עדמאָנד ראָטשילדן.

לאָנדאָן, 11טן יולי 1896.

געגעסן מיטאָג מיט מאָנטעגיון. עס איז אויך געווען קאָלאָנעל גאָלדסמיט און אַ פּוילישער איד ל. וועלכער וואוינט אין לאָנדאָן. דער לעצטער האָט אַן אומסימפּאַטיש־שאַרפן קאָפּ. ער ווייזט אָבער אויס צו זיין אַן אויטאָריטעט אין די היגע אידישע קרייזן און אויך אין הירש־קאָמיטעט.

נאָכן עסן איז פאָרגעקומען אַ קורצע פּראַקטישע דיסקוסיע. איך האָב זיי דערקלערט, וואָס עס איז ביז איצט געטאָן געוואָרן, און אַז מיר ווילן באַוועגן ביסמאַרקן צו שרייבן צום סולטאַן און פאַרשלאָגן די אידייע פון אַ (אידישער) וואַסאַל־מדינה. מאָנטעגיו האָט געשטעלט דריי באַדינגונגען פאַר זיין אָפענעם אָנשליסן זיך אָן אונזער אַקציע: 1. די צושטימונג פון די גרויס־מלוכות; 2. אַז דער הירש־פאָנד זאָל שטעלן אין אונזער רשות די סומע, מיט וועלכער ער קען דיספּאָנירן, צען מיליאָן פונט; 3. אַז איינער פון די ראָטשילדס, וואָס מיינט עדמאָנד, זאָל אַריינטרעטן אין קאָמיטעט.

פאַלקסטאָן, 15טן יולי 1896.

איך בין צופרידן מיט מיין רייזע קיין לאָנדאָן.

די גרייטקייט פון מאָנטעגיון און גאָלדסמיטן צו גיין צוזאַמען מיט אונז, מיטן תנאי אַז עדמאָנד ראָטשילד און דער הירש־פאָנד זאָלן קאָאָפּערירן, און אַז דער סולטאַן זאָל זיך אַריינלאָזן אין פּאָזיטיווע פאַרהאַנדלונגען, גענוגט פאַר מיר דערוויל.

# די ברידער מאַרמאָרעק

דריי ברידער זיינען זיי געווען: דער ווינער אַרכיטעקט אָסקאַר מאַר־מאָרעק (1863 — 1909); דער באַקטעריאָלאָג פון פּאַסטער־אינסטיטוט אין פּאַריז אַלעקסאַנדער מאַרמאָרעק (1865 — 1923); און דער עסט־רייכישער אַדוואָקאַט איזידאָר מאַרמאָרעק (געשטאָרבן אין 1924). אַלע דריי זיינען זיי צוגעשטאַנען צום ציוניזם און געוואָרן הערצלס געטרייע מיט־אַרבעטער. אָסקאַר מאַרמאָרעק האָט צוזאַמען מיט דוד וואָלפסאָנען באַגלייט הערצלען אויף זיין וויכטיקער רייזע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין 1901.

פּאַריז, 20טן יוני 1895.

אין „טאַווערן רויאַל“. נאָך מיין פרישטיק זיינען ביידע מאַרמאָרעקס צוגעקומען צו מיין טיש. איך האָב זיי דערפירט דערצו אַז זיי זאָלן רעדן. אַליין ניט ווייסנדיק, האָבן זיי באַשטעטיקט, וואָס איך האָב געוואָלט. דער אַרכיטעקט (אָסקאַר מאַרמאָרעק) האָט געשילדערט דעם שרעקלעכן צושטאַנד פון אַנטיסעמיטיזם אין ווין. עס ווערט ערגער און ערגער. — — — דער מעדיצינער (אַלעקס מאַרמאָרעק) האָט געזאָגט: עס וועט אונז גאָרניט מער איבערבלייבן, ווי צו האָבן אַן אייגענע מדינה פאַר אונז אַליין! (דאָס איז דער קלוגער מענטש, וועלכער זוכט דעם סערום און פאַרטיליקט דעם סטרעפּטאָקאָקוס).

איך בין אינערלעך דערפרייט געוואָרן. איך נויטיק זיך אין אַזעלכע אונ־טערשטיצער.

ווין, 3טן אַפּריל 1896.

די דריי ברידער מאַרמאָרעק האָבן מיט אַ געוויסער פייערלעכקייט דער־קלערט, אַז זיי שליסן זיך אָן אָן מיין באַוועגונג. דער פּאַריזער (אַלעקס) מאַר־מאָרעק, פון פּאַסטער־אינסטיטוט, איז צוזאַמען מיט זיין אינגסטן ברודער, דעם יוריסט (איזידאָר מאַרמאָרעק) געקומען צו מיר אין רעדאַקציע, בכדי „אין זייער נאָמען, און אין נאָמען פון זייער ברודער דעם אַרכיטעקט“ צו דערקלערן, אַז זיי גייען מיט מיר אינאיינעם און זיינען באַגייסטערט פאַר מיין אידייע.

ווין, 18טן מאַי 1900.

אַלעקס מאַרמאָרעק, דער בעסטער פון אונז, איז געווען דאָ עטלעכע וואָכן און איז אַוועקגעפאָרן בעכטן אַ קראַנקער קיין פּאַריז. איך האָב מורא, אַז ביי זיינע פאָרשונגען פון דעם באַקציל פון טובערקולאָז זאָל ער אַליין ניט האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט דער קראַנקייט. איך האָב מורא, אַז די דאָזיקע באַקצילן וועלן פריער אים הרגנען, איידער ער — זיי. ער איז איבערצייגט אַז ער האָט

געפונען אַ הייל־מיטל. און ער וועט דאָס פאַרעפנטלעכן אין צוויי אָדער דריי חדשים אַרום. איך מיין, אַז ער נאַרט זיך. אַ קינד, וואָס ער האָט באַהאַנדלט, איז געשטאָרבן.

אויב ער האָט באמת געפונען אַ הייל־מיטל, און עס וועט זיך אַרויסווייזן פאַר אַ דערפאָלג, וועט ער אויף מיין ביטע איבערגעבן די קאָמערציעלע עקספּלואַטאַציע דער אידישער קאָלאָניאַל באַנק. דאָס וועט מיטאַמאָל שטעלן די באַנק אויף די פיס. די אַקציעס וועלן אונטערגעשריבן ווערן אין איין טאָג. דער ציוניזם וועט מיטאַמאָל קריגן אַלע מיטלען, אין וועלכע ער נויטיקט זיך.

אָבער דאָס וואָלט געווען צו־גוט. איך האָב גערעדט מיט אים אַזוי, ווי איך וואָלט געגלויבט אין דעם. אָבער איך באַטראַכט דאָס פאַר אַן אילוזיע פון זיין זייט.

אָבער וואָס פאַר אַ פיינער און אידעלער מענטש אונזער אַלעקס איז דורך־און־דורך! מיר האָבן געהאַט עטלעכע אַנגעגעמע שמועסן. איך האָב אים שטאַרק ליב. ער האָט מיר געזאָגט: „ווען איך וועל זיין פאַרטיק מיט טובערקולאָז, וועל איך אָנהויבן פאָרשן מאַלאַריע. איך וויל עס שטודירן צווישן אונזערע קאָלאָניסטן אין ארץ־ישראל. אמת, דאָס קען מיך קאָסטן מיין לעבן. דאָס איז אַ קראַנקייט, וואָס איז ניט מוחל, און שוינט ניט. אָבער אויב איך וועל אַנטדעקן דאָס הייל־מיטל, וועל איך עפענען אַפריקע. ווייל מאַלאַריע איז די צוים, וואָס האַלט פאַרמאַכט אַפריקע פאַר דער אייראָפּעאישער קולטור".

וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיקע אידייע! דער, וועלכער שטרעבט צו עפּעס גרויסעס, איז אין מיינע אויגן אַ גרויסער מענטש — ניט דער, וועלכער דער־גרייכט עס. ווייל אין דערגרייכן שפּילט מזל אַ גרויסע ראָלע.

איך האָב באַגלייט אַלעקסן צו דער באַן־סטאַנציע, און דאָס האַרץ איז מיר געווען שווער, ווען איך האָב אים געזען, ווי ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, אַריינגייענדיק אין וואַגאָן.

## יוחנן קרעמענעצקי

אַ באַקאַנטער אינזשעניר און גרויס אינדוסטריעלער אין ווין. געשטאַמט פון אָדעס (געבוירן אין 1850, געשטאָרבן אין 1934). געווען איינער פון די נאָענטסטע פריינט און מיטאַרבעטער פון הערצלען. דירעקטאָר פון קרן קימת לישראל זינט זיין גרינדונג אין 1901 ביז 1907. האָט אַ סך מיטגעהאָלפן הערצלען אין דער פּאָליטישער אַרבעט, באַזונדערס אין די פאַרפלאָנטערטע אונטערהאַנדלונגען מיט די טערקישע פירער. האָט באַגלייט דעם קראַנקן הערצלען אויף זיין לעצטער רייזע, אין דעם קור־אָרט עדלאַך, וואו דער גרינדער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע איז געשטאָרבן.

באַדן, 23טן אויגוסט 1896.

געהאַט אַ לאַנגן געשפּרעך מיט דעם עלעקטראָטעכניקער קרעמענעצקי. ער איז אַ גוטער ציוניסט, מיט מאָדערנע אידייען. גרויסע כעמישע אינדוסטריעס קענען געגרינדעט ווערן אַרום דעם ים המלח, וואָס איז פול מיט זאַלצן.

די טייכן, וואָס פליסן איצט אַריין אין ים המלח און ברענגען אַריין זיס וואַסער, דאַרפֿן אָפּגעלענקט ווערן פון דאָרט אין אַן אַנדער ריכטונג און באַנוצט ווערן פֿאַר וואַסער צום טרינקען. זיי וועלן פֿאַרטראָטן ווערן דורך אַ קאַנאַל פון מיטללענדישן ים. אַ טייל פון דעם קאַנאַל וועט דאַרפֿן געמאַכט ווערן אַלס אַ טונעל צוליב די בערג (דאָס וועט זיין אַ פּראַכטפולער פונקט, וואָס וועט צוציען טוריסטן פון אַ גאַנצער וועלט). און דער אונטערשייד צווישן די אויי־בערפלאַכן פון די צוויי ימים (דער וואַסער־פֿאַל) וועט קענען אויסגענוצט ווערן פֿאַר טרייבן מאַשינען. פיל טויזנטער פערד־קראַפט.

אַ חוץ דעם איז פֿאַראַן אין אַנדערע געגנטן אין ארץ־ישראל גענוג וואַסער־קראַפט, וואָס קען פֿאַרוואַנדלט ווערן אין עלעקטריציטעט.

מיר מוזן גרינדן אַ נאַציאָנאַלן „פֿאַרבאַנד צו פלאַנצןביימער" פֿאַר דער באַוואַלדונג פון ארץ־ישראל. יעז׳ער זאָל געבן אַ געשאַנק צו פלאַנצן אַ בוים אָדער מערערע ביימער. צען מיליאָן ביימער!

בעת דעם געשפּרעך מיט קרעמנעצקין איז מיר איינגעפֿאַלן אַ נייע אידייע וועגן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די יונגע דאָקטוירים פון פילאָזאָפיע ווילן גרינדן אַ ציוניסטישן פֿאַראיין פון אויסשטודירטע אַקאַדעמיקער. איך גלויב, אַז עס וואָלט געווען נאָך בעסער צו אַנטוויקלען ציוניסטישע פֿאַראיינען פון אַלע פֿאַרשיידענע פּראָפעסיעס; אידישע אַדוואָקאַטן, פיזיקער, טעכ־ניקער, אינזשענירן, בוי־אונטערנעמער, באַאַמטע, סוחרים (האַנדלס־קאַמערן). אויף דעם אופן וועלן זיי געהאַלטן ווערן צוזאַמען דורך זייערע בשות־פותדיקע אינטערעסן. דאַן וועלן געבראַכט ווערן צו זיי פּראַקטישע ענינים און פלענער פֿאַר זייער באַשטעטיקונג, דיסקוסיע א. א. וו. אויב דער דאָזיקער פּראָיעקט וועט דורכגעפירט ווערן, וועלן מיר האָבן אין זיי די, וועלכע וועלן אויספֿאָרמירן און דערציען די מענטשן, אין וועלכע מיר וועלן זיך בויטיקן.

די דאָזיקע פֿאַראיינען פון די פֿאַרשיידענע פּראָפעסיעס וועלן זיך איינ־גלידערן אין דעם ציוניסטישן פֿאַרבאַנד, וואָס וועט דורך דעם אויפגעוועקט ווערן פון זיין שלאָף, אויף וועלכן אַלע באַקלאָגן זיך.

ווין, 2טן סעפּטעמבער 1899.

קרעמענעצקי איז צוריקגעקומען פון דער באַגעגעניש מיט נורין (גענעראַל־סעקרעטאַר פון טערקישן אויסערן־מיניסטעריום). נורי האָט אים איבערגע־געבן פֿאָלגענדיקע באַשטעטיקונג אויף זיין וויזיט־קאַרט: „דערהאַלטן די סומע פון צען טויזנט פראַנק, וואָס איז מיר געקומען. נ(ורי)". קרעמענעצקי איז געווען צופרידן מיט דעם. נורי האָט געזאָגט, אַז ער האָפט אויף גוטע רעזולטאַטן.

# אַמעריקאַנער פּערזענלעכקייטן

## ד״ר. יעקב דע האַז

פּראָמינענטער ציוניסטישער פירער, זשורנאַליסט און שריפטשטעלער. געבוירן אין לאָנדאָן אין 1872 און געשטאָרבן אין אַמעריקע אין 1937. איינער פון הערצלס ערשטע תלמידים אין לאָנדאָן. האָט געהאָלפן הערצלען גרינדן די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע. סעקרעטאַר פון דער פעדע־ראַציע פון אַמעריקאַנער ציוניסטן פון 1902 ביז 1905. סעקרע־טאַר פון פּראָוויזאָרישן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פאַר ציוניסטישע ענינים אין אַמעריקע פון 1916 ביז 1918. עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע פון 1916 ביז 1921. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געווען איינער פון די פירער פון דער ציוניסטיש־רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע.

לאָנדאָן, 13טן יולי 1896.

אין דער איסט־ענד (פון לאָנדאָן) שטייען־אויף ספּאָנטאַן קאָמיטעטן פאַר אָנפירן די אַגיטאַציע. זייער פּראָגראַם: דער אידנשטאַט!

די פּאַרטיי־פירער: ראַבינאָוויטש (חובבי ציון פירער אין לאָנדאָן), אפרים איש־כישור (העברעאיש־אידישער שריפטשטעלער און ציוניסטישער רעד־נער, האָט געלעבט אַ לאַנגע צייט אין אַמעריקע), יעקב דע האַז און אַנדערע. בראַווע, באַגייסטערטע מענטשן!

פּאָלקסטאָן, 15טן יולי 1896.

איש־כישור איז געקומען צו מיר נעכטן (אין לאָנדאָן) און מיר פּאָרגעשלאָגן צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אָנערקענען מיך אַלס איר אָנפירער. אַ הונדערט מענטשן פון דער איסט־ענד ווען זיך צוזאַמענעמען צו שאַפן חברים אין יעדן לאַנד און אָנפירן אַ פּראָפּאַגאַנדע פאַרן אידנשטאַט.

איך האָב אָנגענומען דעם פּאָרשלאַג. און ווען עס איז אָנגעקומען דע האַז, וועלכער וויל זיין מיין „ערן־סעקרעטאַר״, האָב איך זיי פּאָרגעלייגט אַ נאָמען פאַר דער נייער פאַראייניקונג, „די פּרינצן פון ארץ־ישראל״. איך אַליין וועל אָבער בלייבן אין דרויסן, ווייל איך דאַרף ניט געהערן צו קיין שום פאַראיין, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַגיטאַציע. דע האַז האָט מיך פאַרשטאַנען און האָט דאָס דערקלערט איש־כישורן: מיין כוונה איז צו אָרגאַניזירן די אָרעמע, בכדי צו האָבן אַ דרוק אויף די גלייכגילטיקע און וואַקלענדיקע גבירים.

ווין, 6טן יאַנואַר 1897.

— — — דער ציוניזם געווינט בהדרגה די אַכטונג פון דעם פשוטן מענטש אין די פאַרשיידענע לענדער. און איך גלויב, אַז איך מאַך ניט קיין טעות

מיט דער פעסטשטעלונג. מענטשן הויבן־אָן אונז צו נעמען ערנסט. אמת, די רייכע אידן פירן זיך נאָך ווייטער אויף אַזוי שלעכט, ווי פריער. ווי מיין געטרייער דע האַז שרייבט מיר פון לאָנדאָן: „יעדער איינער וואַרט צו זען, ווי אַזוי די קאַץ וועט אַ שפּרינג טאָן".

ווין, 12טן אַפּריל 1897.

דע האַז שרייבט מיר פון לאָנדאָן, אַז ער און זיינע חברים זיינען גרייט צו מאַרשירן. זיי ווילן שפּאַלטן גאָלדסמיטס חובבי־ציון־„געצעלטן", אויב ער וועט ניט מיטגיין צום קאָנגרעס.

ווין, 23טן מאַן 1897.

דע האַז שרייבט מיר, אַז אין אַמעריקע וויל מען, איך זאָל אַריבערקומען אַהין און אַרויספאָרן אויף אַ לעקציע־טור איבערן לאַנד.

## דר. מיכאל סינגער

אידישער זשורנאַליסט אין ניו יאָרק. האָט איינער פון די ערשטע זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט הערצלען און איז געווען ניו יאָרקער קאָרעספּאָנדענט פון דעם צענטראַל־אָרגאַן פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע אין ווין, „די וועלט". הערצל האָט אַ געוויסע צייט אים באַטראַכט פאַר זיין פאָרשטייער אין ניו יאָרק.

ווין, 23טן מאַי 1897.

די באַוועגונג הויבט זיך אָן אין אַמעריקע.

מיכאל סינגער, רעדאַקטאָר פון אַ נייעם וואָכנבלאַט „טאָלעראַנץ" שיקט מיר באַריכטן וועגן פאַרזאַמלונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין ניו יאָרק און אין אַנדערע שטעט. אַ קאָנפערענץ פון ראַבייס מיט דר. גוסטאַוו גאָטהייל אין דער שפּיץ איז אַרויסגעקומען לטובת דער באַוועגונג.

די „ניו יאָרק סאַן" האָט דעם 4טן מאַי פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן ציוניזם. ווען איך האָב נעכטן געוויזן בענעדיקטן (רעדאַקטאָר פון דער ווינער „נויע פרייע פרעסע") דעם אַרטיקל אין „ניו יאָרק סאַן", האָט ער מיר געזאָגט אין אַ גוטער שטימונג: „איר מאַכט אַלעמען משוגע".

איך האָב אים געענטפערט: „איך וועל אויך נעמען נקמה אָן אייך, ווען איר וועט זיין געצוואונגען איבערצודרוקן פון דער „קעלנישע צייטונג" דעם באַריכט וועגן מינכענער (ציוניסטישן) קאָנגרעס, נאָכדעם ווי איר האָט אָנדערהאַלבן יאָר צייט געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אינפאָרמירט בעסער, ווי אַלע אַנדערע".

אויף דעם האָט ער געענטפערט: „ניין, דעם 26טן אויגוסט ווילן מיר גאַנץ איינפאַך ברענגען אַ באַריכט פון מינכען אין אונזער צייטונג".

די דאָזיקע צופעליקע ווערטער, וועלכע ער וועט מסתמא האַלטן אַ סך

מער, ווי זיינע פריערדיקע צוזאָגן — ווייל ער מוז, ווייל די ציימונג קען ניט בלייבן הינטערשטעליק מיט די נייעס — אָט די דאָזיקע קורצע דערקלערונג שטעלט מיט זיך פאָר מיין זיג איבער דער „נייע פרייע פרעסע״, אויב איך מאַך ניט קיין טעות. דער נצחון קען מיר נאָך אַרויסגעריסן ווערן פון איצט ביז אויגוסט, אָבער נעכטן האָב איך אים שוין געהאַלטן אין מיינע הענט.

# פּראָפעסאָר ריטשאַרד גאָטהייל

פּראָפעסאָר פון סעמיטישע שפּראַכן אין קאָלאָמביע אוניווערסיטעט אין ניו יאָרק. געבוירן אין 1862 און געשטאָרבן אין 1936. ערשטער פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן אין 1898.

ווין, 27טן דעצעמבער 1899.

אין די היינטיקע ציימונגען האָב איך געזען, אַז דער אַמעריקאַנער אַמבאַ־סאַדאָר אין טערקיי אָסקאַר ס. שטראַוס וועט דורכפאָרן דורך ווין. ריטשאַרד גאטהייל האָט מיר געשריבן, אַז שטראַוס וועט זיך נאָכפרעגן אויף מיר און וועט מיך אויסזוכן. בכל אופן מיין איך ניט, אַז עס וואָלט געווען ווירדיק פאַר מיר, אַז איך זאָל דער ערשטער זיך ווענדן צו אים.

# אָסקאַר סאָלאָמאָן שטראַוס

פּראָמינענטער אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט און אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט פון אַמעריקאַנער אידנטום (1805 — 1926). געווען אַמעריקאַנער אַמבאַ־סאַדאָר אין טערקיי אַ ריי יאָרן, אָנהויבנדיק פון 1881. דער ערשטער איד, וועלכער האָט פאַרנומען אַ קאַבינעט־פּאָסטן אין וואַשינגטאָן אַלס סעק־רעטאַר פאַר האַנדל און אַרבעט, אין דער אַדמיניסטראַציע פון פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט. האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און הערצל האָט געזוכט זיין הילף צו באַקומען דעם „טשאַרטער״ אויף ארץ־ישראל.

שטראַוס, וועלכער האָט פון זיין באַגעגעניש מיט הערצלען ניט אַרויס־געטראָגן דעם בעסטן איינדרוק וועגן דעם ציוניסטישן פירער, האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, שרייבנדיק זיינע מעמואַרן, געענדערט זיין מיינונג און אָפּגעשאַצט הערצלען אַלס אַ גרויסע פּערזענלעכקייט.

ווין, 29טן דעצעמבער 1899.

נעכטן האָב איך געהאַט אַ געשפּרעך מיט דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי, אָסקאַר שטראַוס, וועלכער איז דורכגעפאָרן דורך ווין. איך האָב געזאָגט שאַליטן (דר. איזידאָר שאַליט, איינער פון הערצלס ערשטע און נאָענטסטע מיטאַרבעטער אין ווין), ער זאָל זיך אָנפרעגן אין דער פרי, ווען מיר קענען

זיך באַגעגענען. שטראַוס האָט מיך איינגעלאַדן אויף האַלב נאָך פינף נאָכמיטאָג אין האָטעל אימפּעריאַל.

ער איז אַ מאַן פון מיטעלער גרויס, מיט אַ רויטלעך־דינער באָרד, אַ נאָז מיט אַ האַקן, אידישע געהענקלטע אויערן, שיטערע האָר. אַכט און פערציק יאָר אַלט, טרוקן, קלוג — און דאָך סימפּאַטיש אין ערשטן מאָמענט אַ דאַנק זיינע ערלעכע אויגן.

נאָך פינף מינוט זיינען מיר שוין געווען היימיש, הגם ער האָט מיר באַלד אין אָנהויב געזאָגט, אַז איך האָב אַ רעפּוטאַציע פון זיין ניט־דיסקרעט. אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין פּאַראיבל אויף מיר צוליב מיין אומפּאַרזיכטיקייט, ווייל אין אַזעלכע גרויסע זאַכן קען מען אָפט ניט שווינגען די פּערזענלעכע אַמבי־ציעס און סענטימענטן פון מענטשן. ער אַליין איז ניט פ אַ ר און ניט ק ע ג ן דעם ציוניזם, ווייל ער איז אַן אָפּיציעלע פּערזאָן.

ער האַלט, אַז ארץ־ישראל וועט זיין אוממעגלעך צו באַקומען. די גריכישע און אויך די רוימיש־קאַטוילישע קירכעס וועלן ניט דערלאָזן, אַז מיר זאָלן קריגן ארץ־ישראל. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך באַטראַכט בלויז רוים פאַר אַן ערנסטן קעגנער.

שטראַוס איז פאַר מעסאָפּאָטאַמיע. ער האָט געוואוסט, אַז מיט אַ צייט צוריק איז געשיקט געוואָרן צו מיר אַ בראָשור וועגן מעסאָפּאָטאַמיע פון סיירוס אַדלערן, לויטן אויפטראַג פון עטלעכע פריינט — ריכטער מאיר סולצבערגער און עטלעכע אַנדערע אין ניו יאָרק. מעסאָפּאָטאַמיע וועט מען קענען דערגרייכן. די קירכעס וועלן זיך ניט אַנטקעגנשטעלן. און מעסאָפּאָטאַמיע איז די ערשטע אור־אַלטע היים פון ישראל. אברהם אָבינו איז געקומען פון דאָרט. אַזוי־אַרום האָבן מיר אויך אַ מין משיחישע, טראַדיציאָנעלע צוגעבונדנקייט צו דעם לאַנד.

עס איז געווען דיזעלבע סטראַטעגיע, וואָס נורי (גענעראַל־סעקרעטאַר פון טערקישן אויסערן־מיניסטעריום) האָט באַנוצט. אַרטין פּאַשאַ (אַ הויכער באַ־אַמטער ביים סולטאַן) האָט מיר אויך געשריבן אין דעמזעלבן זין, האַנדלענדיק — ווי איך שטויס זיך איצט אָן — אויף די אָנווייזונגען פון שטראַוסן, וועלכער האָט געוואוסט וועגן מיינע בריוו צו אַרטינען. שטראַוס האָט זיך אויסגעדריקט אויף דעם ערגסטן אופן וועגן דער באַנדע, וואָס דרייט זיך אַרום אין און בעבן דעם סולטאַנס פּאַלאַץ. די מיניסטאָרן זיינען אידיאָטן און פּחדנים. דער סולטאַן האַלט די גאַנצע מאַכט אין זיינע אייגענע הענט. דער סולטאַן וועט ניט אָוועקגעבן קיין נאָגל פאַר קיינעם ניט אין טערקיי, אָדער פאַר וועלכע־עס־איז רייד וועגן „מענטשהייט״ אָדער דאָסגלייכן. יאָ, אויב ער וואָלט געקענט זען די פאַרב פון עפּעס געלט אָדער אַנדערע מאַטעריעלע נוצן אין דער זאַך, וואָלט מען אים אפשר געקענט געווינען. פאַרהאַנדלונגען מיט עמעצן אַנדערש האָבן קיין שום ווערט ניט. אָדער מיט דעם סולטאַן, אָדער מיט קיינעם ניט.

שטראַוס איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל אים אָנרופן דעם נאָמען פון מיין פאַרמיטלער ביים סולטאַן. איך האָב געשוויגן און ניט אויסגע־זאָגט, גיבנדיק אים אויף דעם אופן אַ באַווייז פון מיין דיסקרעציע. ער האָט גענומען טרעפן, צי דאָס איז דער אָדער אַן אַנדערער. איך האָב אים געלאָזט אָנגיין מיט זיינע סברות.

מיר זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, ווי פריינט. איך האָב אַרויסגעקראָגן פון אים אַ צוזאָג, אַז ער וועט מיר שיקן פון צייט צו צייט אַנדייטונגען, וואָס זאָלן מיר קענען ברענגען נוצן. דערביי וועט ער זיך אונטערשרייבן מיטן פסעוו־דאָנים „מעסאָפאָטאַמיקוס".

# יעקב ה. שיף

די באַציאונגען מיט יעקב שיפן זיינען אַ דראַמאַטיש קאַפּיטל אין הערצלס לעבן. דער ציוניסטישער פירער האָט געזוכט אָנצוקניפּן אַ קאָנ־טאַקט מיט דעם גרויסן אַמעריקאַנער אידישן פילאַנטראָפּ דורך דער פאַר־מיטלונג פון לאָרד נתנאל מאיר ראָטשילד אין לאָנדאָן. דאָס איז נאָך געווען בעת הערצל האָט זיך באַמיט דורכצופירן דעם פּלאַן וועגן אידישער קאָלאָניזאַציע אויפן האַלב־אינזל סיני, אין 1902 — 1903. אָבער צום ערשטן מאָל האָט הערצל אָנגעשפּאַרט צו שיפן ערשט אין אַפּריל 1904, ווען דער באַרימטער אידישער באַנקיר איז געווען אויף אַ רייזע אין אייראָפּע.

הערצלס געזונט איז שוין דאַן געווען זייער אָפּגעשוואַכט. ער האָט געוואָלט פאָרן פון ווין קיין פּאַריז אָדער לאָנדאָן צו האָבן אַ פּערזענלעך געשפּרעך מיט יעקב שיפן און האָט ניט געקענט. די דאָקטוירים האָבן אים פאַרבאָטן צו מאַכן די רייזע. און די פּערזענלעכע באַגעגעניש מיט שיפן, אויף וועלכער הערצל האָט אַזוי שטאַרק אַרויסגעקוקט און וואָס וואָלט אפשר געקענט ברענגען זייער וויכטיקע רעזולטאַטן פאַרן ציוניזם — איז קיינמאָל ניט צושטאַנד געקומען.

ניט קענענדיק אַליין פאָרן, האָט הערצל געשיקט צו יעקב שיפן קיין לאָנדאָן זיין נאָענטן פריינט, דעם רוסישן ציוניסטישן עסקן דר. ניסן קאַצענעלסאָן, אויף וועמען ער האָט זיך שטאַרק פאַרלאָזט. דעם בריוו וועלכן הערצל האָט געשיקט צו שיפן נאָך דר. קאַצענעלסאָנס צוריקקומען פון לאָנדאָן, האָט ער אָנגעשריבן שוין זייענדיק שווער קראַנק און גע־פינענדיק זיך אין פראַנצעסבאַד. אויך דער דאָזיקער בריוו האָט געהאַט זיין גורל. מיט דעם בריוו רייסן זיך איבער — אינמיטן און ניט פאַרענדיקט — הערצלס טאָג־ביכער.

ווין, 10טן אַפּריל 1904.

„צו יעקב שיף, פראַנקפורט:

„זייער געערטער ה׳ יעקב שיף!

„דורך ה׳ טה. ה. שלעזינגער אין פראַנקפורט האָב איך געהערט, אַז איר געפינט זיך אין אייראָפּע. איך האָב אים געבעטן צו פאַרמיטלען וועגן אַ באַגעגעניש צווישן אונז.

„אין פאַרגאַנגענעם יאָר, ווען איך האָב פאַרהאַנדלט וועגן דעם פּלאַן פון דער קאָלאָניזירונג פון על אַריש (צפון־טייל פון סיני האַלב־אינזל), האָט מיר לאָרד ראָטשילד געזאָגט, אַז ער וויל צו אייך וועגן דעם שרייבן, און ער האָט צו אייך געשריבן. שפּעטער האָט ער עס אָפּגעלאָזט, ווען פון דער זאַך איז גאָרניט געוואָרן. מיין זכרון קען מיך דאָ האָבן פאַרפירט.

„בכל אופן וואָלט איך געוואָלט מיט אייך רעדן וועגן די ענינים פון אידישער עמיגראַציע. איך האָב געהערט זייער אַ סך גוטס וועגן אייערע באַמיאונגען

לטובת אונזערע אָרעמע ברידער. אַ רייזע קיין פּאַריז, וואָס איך האָב געפּלאַנט, וועל איך דעריבער מאַכן פריער ווי איך האָב גערעכנט, בכדי צו קענען צו־נויפטרעפן זיך מיט אייך. איך האָף צו פאָרן קיין פּאַריז אין משך פון דער קומענ־דיקער וואָך און וועל זיך אָפּשטעלן אין האָטעל שאַטאַם, רי דאַנו.

„אויב אָבער איך וועל ניט קענען פאָרן קומענדיקע וואָך, וועל איך אפשר דעם 6טן מאַי זיין אין לאָנדאָן, וואו איר זאָלט בלייבן — ווי איך הער — ביז דעם 10טן מאַי. מיר וועלן זיך דאָן צוזאַמענקומען ביי לאָרד ראָטשילדן. איך וואָלט אייך געוועזן דאַנקבאַר פאַר אַ גאַנץ־גענויער מיטטיילונג, ווי לאַנג און אין וועלכן האָטעל איר וועט בלייבן אין פּאַריז און אין לאָנדאָן.״

ווין, 27טן אַפּריל 1904.

„זייער געערטער ה׳ שיף!

„אייער פריינטלעכן בריוו פון בערלין, פון 21טן אַפּריל, האָב איך מיט דאַנק באַקומען. איר זאָגט, אַז „מיט אייער גאַנצער יכולת״ זענט איר גרייט פּראַקטיש צו העלפן אונזערע אונטערדריקטע און אומגליקלעכע מענטשן. דאָס איז אין אייער מויל אַ גרויס וואָרט. און איך בין זייער צופרידן, וואָס איך האָב עס באַקומען. גלויבט אָבער ניט, אַז איך וויל מאַכן עפּעס אַ נאַרישן פּרואוו אַרויפצופירן אייך אויף מיינע וועגן. איך וואָלט בלויז געוואָלט האָבן אייער הילף, וואָס איך שאַץ זייער הויך, אויף דעם געביט, אויף וועלכן מיר זיינען צוזאַמען פאַראינטערעסירט. טראַכט ניט למען השם, אַז איך וויל ביי אייך שנאָרן פאַר אונזער אידייע. ניין! מיט נדבות קען מען דאָ בכלל גאָרניט אויפטאָן. וואָס איך וואָלט געוואָלט אייך בעטן, איז צו קריגן אייער מיטווירקונג אין באַזונדערע פאַלן, וועלכע איר וועט שטענדיק אַליין אונטערזוכן.

„מיינע פּראַקטישע פאָרשלאַגן האָב איך געוואָלט אייך מאַכן פּערזענלעך. ליידער האָב איך מורא, אַז ניט אין דער לויפנדיקער וואָך און ניט אין די קומענדיקע וואָכן וועל איך ניט קענען פון דאַנען אַוועקפאָרן. מיינע פּראָפעסיאָ־נעלע פליכטן פאַרהאַלטן מיך.

„דערפאַר אָבער, וואָס איך וואָלט געוואָלט אייך גריַנטלעך אינפאָרמירן, איידער איר וועט צוריקפאָרן קיין אַמעריקע, שיק איך צו אייך איינעם פון מיינע בעסטע פאַרטרויאונגס־מענטשן, דר. קאַצענעלסאָן פון ליבוי, און איך בעט אייך צו זיין אַזוי פריינטלעך און אים אויפנעמען דעם 2טן מאַי אין לאָנדאָן.

„ביי דער אומגעווייִנטלעכער באַשיידנקייט פון דעם מאַן, און ווייל איר וועט אים זען צום ערשטן מאָל, איז עס אפשר ניט איבעריק צו מאַכן אייך אויפמערקזאַם אויף זיין ווערט. ער איז אַ געלערנטער און האָט פריער געאַרבעט אַלס אַסיסטענט ביי העלמהאָלצן. נאָכן טויט פון זיין פאָטער האָט ער איבער־גענומען דעם פאָטערס געשעפטן. זיין אייגענע גינסטיקע לאַגע האָט אים ניט געמאַכט פאַרהאַרטעוועט, אַז ער זאָל ניט פילן די ליידן פון אונזערע אומגליק־לעכע ברידער. און איך שאַץ אים אַלס איינעם פון אונזערע בעסטע מענטשן. דעריבער האָב איך אים אויך נאָמינירט אַלס מיין פאַרטרעטער ביי דער רוסישער רעגירונג, ווען מיניסטער פּלעווע האָט מיך אויפגעפאָדערט צו באַשטימען אַ פאָרשטייער.

„מיט דר. קאַצענעלסאָנען קענט איר זיך דורכשמועסן פאַרטרוילעך וועגן אַלעם. איך האָב אים איבערגעגעבן אַלע אינפאָרמאַציעס.

„איך באַדויער איצט בלויז, געערטער ה׳ שיף, וואָס איך האָב ניט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט אייך פערזענלעך. דאָך וויל איך האָפן, אַז מיר וועלן זיך דערנעענטערן איינער צום אַנדערן אין אַן אַרבעט, וואָס וועט זיין פונקט אַזוי גרויס, ווי די מאָראַלישע און מאַטעריעלע נויט, וואָס מען דאַרף העלפן.

„מיט הויכער אַכטונג און פריינטלעכן גרוס,
אייער אינגאַנצן איבערגעגעבענער

הערצל״

ווין, 29טן אַפּריל 1904.

פון אַ בריוו צו לאָרד ראָטשילדן אין לאָנדאָן:

„— — — איר האָט מיר געזאָגט אין פאַרגאַנגענעם יאָר, ווען איך האָב געפּלאַנט די קאָלאָניזאַציע אויפן סיני האַלב־אינזל, אַז איר ווילט שרייבן צו ה׳ יעקב שיף אין ניו יאָרק, אַז ער זאָל זיך באַטייליקן אין דער פינאַנסירונג, אויב עס וועט דערפון עפּעס ווערן. דער סיני־פּלאַן איז דאַן דורכגעפאַלן. אָבער ווען איך האָב מיט אַ קורצער צייט צוריק געהערט, אַז ה׳ שיף איז אין אייראָפּע, האָב איך אים געלאָזט וויסן אַז איך וואָלט געוואָלט מיט אים רעדן. איך וואָלט אים געוואָלט אויף יעדן פאַל אויפקלערן וועגן מיינע באַשטרעבונגען, וואָס זיינען אין דער עפנטלעכקייט פיל מאָל שלעכט פאַרשטאַנען געוואָרן, בכדי מען זאָל עווענטועל קענען קריגן ה׳ שיפן, ווען עס וועט איין טאָג ווערן מעגלעך דורכצופירן אַ גרעסערן פּלאַן. ה׳ שיף האָט געענטפערט אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק ברייטוויליקן טאָן, און איך האָב געהאַט בדעה מיט אים זיך איצט צוזאַמענצוקומען אין פאַריז אָדער אין לאָנדאָן. ליידער בין איך אָבער פּלוצלונג געשטערט געוואָרן צוליב אַ וויכטיקער זאַך, און איך קען איצט ניט פאָרן קיין לאָנדאָן. איך ווענד זיך דעריבער צו אייך מיט דער ביטע צו געווינען קודם כל ה׳ שיפן — אויב ער וועט אייך באַזוכן — פאַר אַ צוזאַמענאַרבעט אין פרינציפּ אין די אידישע ענינים. די פּראַקטישע פּרטים וועט ער שפּעטער, אין דער געהעריקער צייט, זיך דערוויסן דורך אייך אָדער דורך מיר — — —״.

פראַנצענסבאַד, 13טן מאַי 1904.

קאַצענעלסאָן האָט מיר מיטגעטיילט, אַז יעקב ה. שיף וואָלט געווען גרייט צו פאַרהאַנדלען וועגן אַ רוסישער הלוואה (אויפן וואונטש פון ענגלישן אויסערן־מיניסטער לאָרד לאַנדסדאַון און פון דער ענגלישער רעגירונג — ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זיין), אויב מען וועט עפּעס טאָן אין רוסלאַנד לטובת די אידן. — — —

קאַצענעלסאָן האָט אויף דעם געענטפערט: וואָס מיר דאַרפן און וואָס מיר פאָדערן, האָט דר. הערצל שוין פאָרמולירט פלעווען. שיף האָט פאַרלאַנגט פון קאַצענעלסאָנען מיינע „פונקטן״, ווייל ער האָט זיי געוואָלט ווייזן דעם קעניג פון ענגלאַנד, ביי וועמען ער האָט אַן אוידיענץ. קאַצענעלסאָן האָט אים געגעבן די פונקטן און האָט מיר געבראַכט אַהער אַ קאָפּיע.

פראַנצעסבאַד, 13טן מאַי 1904.

פון אַ בריוו צום רוסישן אינערן־מיניסטער פּלעווע:

„— — — גאָר לעצטנס האָב איך מיין פריינט דר. קאַצענעלסאָן פון ליבוי געשטעלט אין פאַרבינדונג, אין אַ ציוניסטישער אָנגעלעגנהייט, מיט זייער אַ וויכטיקן אַמעריקאַנער באַנקיר. ביי דער געלעגנהייט האָט ה׳ קאַצענעלסאָן זיך דערוואוסט געוויסע זאַכן, וועלכע וואָלטן לויט מיין באַשיידענער מיינונג געווען גענוג אינטערעסאַנט פאַר דער אימפּעריאַלער רעגירונג. איך האָב געראָטן מיין פריינט, וועלכער איז פון לאָנדאָן געקומען אַהער מיר אָפּגעבן אַ באַריכט פון זיין געשפּרעך, אַז ער זאָל אויפן אָרט בעטן אַן אוידיענץ ביי אייער עקסצעלענץ. ה׳ קאַצענעלסאָן — ווי איר ווייסט, עקסצעלענץ — איז זייער אַ באַשיידענער מענטש, און ער האָט מורא אייך צו באַלעסטיקן. וואָלט מיין געזונט ניט געווען זייער דערשיטערט, וואָלט איך טעלעגראַפיש געבעטן ביי אייער עקסצעלענץ אַן אוידיענץ פאַר מיר אַליין. אַזוי שטאַרק גלויב איך אין דעם, אַז די זאַך קען ווערן זייער וויכטיק, ווען זי וועט אַריינקומען אין אייערע הענט. — — —"

פראַנצעסבאַד, 16טן מאַי 1904.

אַ בריוו צו שיפן:

„זייער געערטער ה׳ שיף!

„מיין פריינט דר. קאַצענעלסאָן איז געקומען אַהער פון ענגלאַנד און האָט מיר אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דעם אומגעוויינטלעך־פריינטלעכן קבלת פּנים, וואָס ער האָט געפונען ביי אייך. דערלויבט מיר צו דאַנקען אייך דערפאַר אַמוואַרעמסטן. דר. קאַצענעלסאָן האָט מיר אויך געזאָגט, אַז ער האָט אייך געגעבן אַ קאָפּיע פון מיינע פאַרטרוילעכע אינסטרוקציעס. איך האָב שפּעטער גוטגעהייסן זיין האַנדלונג, ווייל איך פאַרלאָז זיך אַבסאָלוט אויף אייער דיסקרעציע.

„דאָס אַלץ איז און בלייבט געהיים, באַזונדערס פאַר די הערן פון דער י.ק.א. פון דער דאָזיקער זייט קען מען דערוואַרטן גיכער אַלץ, אַחוץ ברייט־וויליקייט. געוויס זיינען פאַראַן צווישן די פאַרוואַלטער פון דער י.ק.א. אויך אויסגעצייכנטע מענטשן. אָבער אַלס אַ קאָלעקטיווע פּערזאָן האָבן זיי זיך ביז איצט אַרויסגעוויזן פיינטלעך, ווען עס איז פון אונזער זייט געקומען אַן אָנרעגונג וועגן אַ באמת־גרויסער אַקציע קעגן אַ באמת־גרויסער נויט. — — —

„וועגן מיין געדאַנקען־גאַנג ווייסט איר פון דר. קאַצענעלסאָנען און פון מיין בריוו".

# רוסישע ציוניסטן

פון אָנהויב אָן זינט זײַנע ערשטע טריט צו גרינדן די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע ביז די סאַמע לעצטע טעג פון זײַן לעבן האָט הערצל געהאַט סכסוכים מיט די רוסישע ציוניסטן. עס איז געווען אַ טיפער אונטערשייד אין דער מענטאַליטעט און אין דער אויפפאַסונג פון דער ציוניסטישער אידייע. הערצל איז באַשטאַנען אויף דער הויפט־וויכטיקייט און פריאָריטעט פון דער פּאָליטישער אַרבעט פאַר באַקומען דעם „טשאַרטער" אויף ארץ־ישראל. דער גרעסטער טייל פון די רוסישע ציוניסטן האָט פאַרלאַנגט באַלדיקע פּראַקטישע אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, אומאָפּהענגיק פון די רעזולטאַטן פון דער פּאָליטישער אַקציע.

אַ שאַרפע קעגנערשאַפט האָט אַרויסגערופן צווישן די רוסישע ציוניסטן הערצלס רייזע קיין פעטערבורג און זײַנע פאַרהאַנדלונגען מיט די צאַרישע מיניסטאָרן. צו אַ טראַגישן איבערברוך צווישן הערצלען און די מערסטע פון די רוסישע ציוניסטן איז געקומען אויפן זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1903, אין באַזעל, ווען הערצל האָט געבראַכט דעם פּלאַן וועגן אידישער קאָלאָניזאַציע אין אוגאַנדע, מזרח־אַפריקע. דער דאָזיקער קאָנפליקט האָט שוין אָנגעהאַלטן ביז די לעצטע טעג פון הערצלס לעבן.

די שטורמישע סצענע אויפן זעקסטן קאָנגרעס, ווען די רוסישע ציוניסטן, די „ניין־זאָגער", האָבן נאָך דער אָפּשטימונג וועגן אוגאַנדע־פּאָרשלאַג, אַרויסמאַרשירט פון זאַל, און פריער הערצלס היסטאָרישער באַזוך אין ווילנע — זײַנען געווען די דראַמאַטישסטע געשעעניש אין דעם „קאַפּיטל רוסלאַנד" אין הערצלס לעבן און אַרבעט.

**אַ רייע וויכטיקע און באַרימטע פּערזענלעכקייטן פון רוסישן ציוניזם אין יענער צייט ווערן דערמאָנט אין דעם רוסישן קאַפּיטל, אין הערצלס טאָג־ביכער. די מערסטע פון זיי האָבן שפּעטער אַליין אַרײַנגעשריבן ניט איין גרויס בלאַט אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג און אין קאַמף פאַר דער אידישער מדינה. צווישן די וואָס ווערן דערמאָנט אין די טאָג־ביכער, טיילט זיך אויס די פיגור פון דר. ניסן קאַצענעלסאָן (1862 — 1923), שפּעטער דעפּוטאַט אין דער רוסישער „דומע", וועלכער איז געשטאַנען געטריי ביי הערצלס זייט אין די שווערסטע מאָמענטן.**

באַזעל, 27 אויגוסט 1897 (ערב דער דערעפענונג פון ערשטן קאָנגרעס).

**— — — די רוסישע ציוניסטן האָבן אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן נעכטן אַ גאַנצן טאָג — קאָנפערירנדיק איך ווייס ניט וועגן וואָס.**

מיין אויסגעצייכנטער פריינט דוד וואָלפסאָן זעט אויסצוגלייכן די חילוקי־דעות און קאָנפליקטן.

צוריקפאָרנדיק פון באַזעל, 21טן אויגוסט 1899.
אין באַן־וואַגאָן הינטער זאַלצבורג.

דער דריטער קאָנגרעס איז דורכגעגאַנגען בשלום. ווידעראַמאָל איז גע־שאַפן געוואָרן אַ גוטע שטימונג — וועלכע וועט מסתמא ביסלעכווייז פאַר־שווינדן. פאַקטיש איז דאַסמאָל די וויכטיקע אָנפירונג פון אונזער אַרבעט פאַרלייכטערט געוואָרן אַ דאַנק דער פאַרטרוילעכער הלוואה אויפן חשבון פון די קומענדיקע שקל־געלטער. די אַלטע פריינט, אויף וועלכע מען קען זיך פאַרלאָזן, לעאָן שאַליט פון ריגע, ווי אויך ס. באַרבאַש (פון אָדעס), דר. ניסן קאַצענעלסאָן און ס. י. זאַקס (פון דווינסק), האָבן יעדער איינער צוגעזאָגט פינף טויזנט פלאָרין — און זיי וועלן זאַמלען נאָך וויכטיקע סומעס, אַזוי אַז איך זאָל קענען אונטערנעמען שריט אין טערקיי און פאַרזיכערן נורין אַ באַלדיקן באַקשיש.

פעטערבורג, 7טן אויגוסט 1903.

אויפן גאַנצן וועג פון דער גרענעץ, וואו מען האָט אונז שטרענג קאָנטראָ־לירט, האָבן מיר געהאַט אַ מאָנאָטאָנע רייזע דורך אַ גרויער לאַנדשאַפט, וואָס האָט מיך דערמאָנט אָן די טונדרעס.

מיין רייזע איז געהאַלטן געוואָרן בסוד פאַר די חברים. דאָך, וואו נאָר זיי האָבן זיך דערוואוסט, האָט מען מיך אָפּגעוואַרט: אין וואַרשע, ווילנע.

עס גייט זיי אַזוי שלעכט, אַז איך — דער אָרעמער טייוול — זע אויס צו זיין פאַר זיי, ווי אַ באַפרייער. מיין גוטער באַגלייטער, דר. ניסן קאַצענעלסאָן, האָט אַ גאַנצן וועג געהאַלטן מיר אין איין געבן אינסטרוקציעס.

פעטערבורג, 10טן אויגוסט 1903.

— — — איידער איך בין געגאַנגען צו דער אוידיענץ ביי פלעווען, האָט מיין פריינט קאַצענעלסאָן, וועלכער זאָרגט זיך זייער שטאַרק וועגן מיר, געגעבן מיר אַלערליי עצות און אָנווייזונגען. אויף אונזער רייזע מיט דער באַן — דאַרף איך דאָ דערקלערן — האָבן מיר איבערגעשפּילט די אַנדערסען־קיעסע־ריצקי „אומשטערבלעכע שפּיל" אויף אונזער טאַשן־שאַך־ברעט. האָב איך אים דעמאָלט געזאָגט, אַז איך וועל זיך באַמיען צו שפּילן (אין פעטערבורג) אַ גוט שפּיל. „שפּילט דאָס „אומשטערבלעכע שפּיל!" — האָט ער געשריגן. „יאָ" — האָב איך געענטפערט — „אָבער איך וועל ניט מקריב זיין ניט די רוקס און ניט די מלכה". ווייל ער איז געווען זייער באַזאָרגט דערפון, צי איך וועל עפּעס ניט נאָכגעבן פון די פּאָזיציעס, אויף וועלכע די אידן אין רוסלאַנד האַלטן זיך נאָך.

פעטערבורג, 10טן אויגוסט 1903.
(פון דעם געשפּרעך מיטן רוסישן אינערן־מיניסטער וויאַטשעסלאַוו פלעווע).

„אייער ציוניסטישע באַוועגונג (האָט פלעווע געזאָגט) איז געווען פאַר

אונז פריער סימפּאַטיש, אַזוי לאַנג ווי זי האָט געהאָלפן, אַז עס זאָל אָנגיין ווייטער די עמיגראַציע. איר דאַרפט מיר ערשט ניט באַגרינדן אייער באַוועגונג. איר רעדט צו איינעם וועלכער איז אַן אָנהענגער פון איר. אָבער זינט דער קאָנפערענץ אין מינסק (די ציוניסטישע קאָנפערענץ, וואָס איז פּאָרגעקומען אין מינסק אין 1902, מיט דער דערלויבעניש פון דער רוסישער רעגירונג) באַמערקן מיר אַן ענדערונג ביי די „קעפּ" פון אייער אָרגאַניזאַציע. מען רעדט שוין ווייניקער וועגן ארץ־ישראלדיקן ציוניזם און מער וועגן קולטור, אָרגאַ־ניזאַציע און אידישן נאַציאָנאַליזם. דאָס געפעלט אונז ניט. מיר האָבן באַמערקט באַזונדערס, אַז אייערע וויכטיקסטע מענטשן אין רוסלאַנד — וועלכע ווערן זייער רעספּעקטירט אין זייערע קרייזן — זיינען ניט קיין אמתע אָנהענגער פון אייער ווינער קאָמיטעט. איר האָט אייגנטלעך בלויז דעם איינעם אוסישקין, וועלכער האַלט מיט אייך אין רוסלאַנד".

(איך האָב געשטוינט איבער זיין קענטעניש פון אונזערע מענטשן. דאָס האָט מיר באַוויזן, ווי ערנסט ער האָט שטודירט אונזער באַוועגונג. און פּאַקטיש האָט ער זיך אויפגעהויבן און גענומען אַ שיינעם, גרויסן באַנד, ברוין מיט גאָלד־דרוק, פול מיט אָנגעשריבענע באַמערקונגען ביים לייענען. דאָס איז געווען דער באַריכט פון מיניסטעריום וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג).

איך האָב אָפּגעווענדט זיינע ווערטער: „עקסצעלענץ, זיי האַלטן אַלע מיט מיר, די פירער אין רוסלאַנד, אפילו ווען זיי מאַכן מיר אָפּאָזיציע ביי אַ גע־לעגנהייט. דער וויכטיקסטער איז דאָך פּראָפעסאָר מאַנדעלשטאַם אין קיעוו".

„אָבער כהן־בערנשטיין! ער איז דאָך ענטשידן קעגן אייך! און אויסערדעם וייסן מיר, אַז ער פירט־אָן אַ פּרעסע־אַגיטאַציע קעגן אונז אין אויסלאַנד".

„אייער עקסצעלענץ, איך גלויב ניט. ער איז ניט גענוג באַקאַנט אויסער רוסלאַנד. ער האָט ניט קיין פאַרבינדונגען און קיין פּרעסטיזש. און וואָס אָנבאַלאַנגט די אָפּאָזיציע פון די מענטשן קעגן מיר, איז עס אַ דערשיינונג, וואָס איז געווען באַקאַנט אין זיין צייט קאָלאָמבוסן. ווען עס איז פאַרביי אַ וואָך נאָך אַ וואָך, און קיין ערד האָט זיך ניט געזען, האָבן די מאַטראָסן אויף דער שיף אָנגעהויבן מאַכן אומרוען. דאָס, וואָס איר זעט איצט ביי אונז, איז אַ רעוואָלט פון די מאַטראָסן קעגן זייער קאַפּיטאַן. העלפט אונז, אַז מיר זאָלן צוקומען גיכער צו דער יבשה, און דער רעוואָלט וועט זיך ענדיקן".

פּעטערבורג, 14טן אויגוסט 1903. נאָכן צווייטן געשפּרעך מיט פלעווע).

— — — ענדלעך האָב איך אַרויסגענומען די סטאַטוטן (פון דער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד), וואָס איך האָב געבעטן אַ רוסישן מיט־גלידער פון אַקציאָנס־קאָמיטעט אויסצואַרבעטן. ער איז זיי גיך דורכגעלאָפן.

„מיט אַזעלכע סטאַטוטן וועט איר האַלטן אין איין האָבן קאָנגרעסן אין רוסלאַנד. און דאָס, וואָס וועט ניט זיין דערלויבט פאַר קריסטן, וועט זיין דערלויבט פאַר אידן".

„איך וועל זאָגן אונזערע מענטשן ניט צו מאַכן קיין קאָנגרעסן".

ער האָט זיך איינגעבויגן צו דעם דיקן באַנד אין ברוין און אין גאָלד, וואָס איז מיר שוין געווען באַקאַנט:

„איר פאַרלאַנגט פון מיר פונקט דאָס פאַרקערטע, פון דעם, וואָס עס איז פאַראַן אין אָט דעם רעפאָרט. איך האָב געזאָלט קומען צום מיניסטאָרן־ראַט אין אָקטאָבער מיט דעם פאָרשלאַג אונטערצודריקן די ציוניסטישע באַוועגונג". — — —

אין וואַגאָן צווישן דווינסק און ווילנע, 16טן אויגוסט 1903.

דעם לעצטן טאָג אין פעטערבורג האָט מיר פאַרביטערט אין אַ געוויסער מאָס דער אַקציאָנס־קאָמיטעט־מיטגליד פון וויטעבסק, דר. (צבי) ברוק. שטאַרק צערודערט און אויפגערעגט, האָט ער מיך אָפּגערעדט פון פאָרן קיין ווילנע. מען קען מיר דאָרט אָפּטאָן אַ מיאוס שטיקל. ווילנע זאָל זיין דאָס זיץ־אָרט פון דער פירערשאַפט פון „בונד", אַ געהיימע רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפט. און די מענטשן (פון „בונד") זיינען אויף מיר גאָר שטאַרק אין כעס, 1. ווייל איך בין געפאָרן צו פלעווען; 2. ווייל איך האָב ביים פעטערבורגער באַנקעט גערעדט קעגן זיי.

אין אַ סך שטעט אין רוסלאַנד האָט זיך, איבעריקנס, פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז איך בין טויט. עס איז ניט געווען מעגלעך צו דערגיין קלאָר, צי מען האָט געמיינט אַז די רעגירונג אָדער די סאָציאַליסטן האָבן מיך אומגעבראַכט.

איך האָב דערקלערט, אַז איך וועל זיך ניט מאַכן אַזוי לעכערלעך, ניט צו פאָרן קיין ווילנע, נאָכדעם ווי איך האָב שוין געגעבן מיין צוזאָג. אָבער בכדי פטור צו ווערן פון דר. ברוקן, האָב איך אים געשיקט פאָראויס „צוליב פאָרזיכטיקייט" קיין ווילנע צו דערוויסן זיך וועגן די דאָרטיקע פאַרהעלטענישן.

אין וואַגאָן צווישן טאָרן און פויזן, 17טן אויגוסט 1903.

דער נעכטיקער טאָג, דער טאָג פון ווילנע, וועט מיר פאַרבלייבן אומפאַרגעסלעך. דאָס איז ניט קיין באַנקעט־פראַזע.

דאָס אָנקומען אַליין אין דער רוסיש־פּוילישער שטאָט ביי מיטאָג איז שוין באַצייכנט געוואָרן דורך אָוואַציעס. איך האָב דאָס ניט ליב.

עס איז פאַראַן אין אַזעלכע קבלת־פּנימס שווישפּילעריי פון איין זייט און אַ מין נאַרישע התפּעלות פון דער אַנדערער זייט. אָבער די זאַך איז געוואָרן ערנסטער, ווייל געפערלעכער, ווען די פּאָליציי, וועלכע האָט מיר גלייך געשענקט די גרויסע אויפמערקזאַמקייט, האָט פאַרבאָטן אַלערליי פאַרזאַמלונגען און האָט אפילו מיר פאַרווערט צו פאָרן אין דער שול.

איך בין געפאָרן דורך די אויפגערודערטע אידישע גאַסן אין דער קהילה, וואו עס האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ גרויסער עולם, מיט פאָרשטייער און דעפּוטאַציעס, ביי אַ שטאַרקן געדראַנג. אין די באַגריסונגען, וועלכע זיינען לכבוד מיר געהאַלטן געוואָרן, איז געווען אַ טאָן, וועלכער האָט מיך אויף אַזאַ אופן גערירט, אַז איך האָב קוים געקענט צוריקהאַלטן מיינע טרערן נאָר דורך דעם, וואָס איך האָב געטראַכט וועגן די באַריכטן, וועלכע מען וואָלט שפּעטער געשריבן וועגן דעם אין די צייטונגען.

אין די פיל פאַרשיידענע רעדעס האָט מען מיך גוואַלטיק איבערגעשאַצט. אָבער דאָס אומגליק פון די שווער־געדריקטע מענטשן איז געווען עכט.

דערנאָך זיינען געקומען אַלערליי דעפּוטאַציעס מיט מתנות צו מיר אין האָטעל, פאַר וועלכן עס האָט זיך כסדר צונויפגעזאַמלט אַ גרויסער עולם, וואָס די פּאָליציי האָט געהאַלטן אין איין פאַנאַנדערטרייבן. איז איין גרויסע גרופּע צעטריבן געוואָרן, האָט זיך באַלד באַוויזן אַ צווייטע.

די פּאָליציי האָט מיר אויך געגעבן צו־וויסן, אַז איך זאָל ניט אַרומפאָרן איבער דער שטאָט.

ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, זיינען מיר געפאָרן קיין ווערקי, אַ שעה פון דער שטאָט, וואו אידן טאָרן אין אַלגעמיין ניט וואוינען. דאָרט האָט אונזער פריינט (יעקב) בן־יעקב געדונגען אַ זומער־דירה. ביי די באַדינגונגען פון דער קאָמוניקאַציע אין דער דאָזיקער רוסישער פּראָווינץ־שטאָט, איז עס גאַנץ ווייט פון ווילנע.

ער האָט דאָרט איינגעלאַדן אַרום פופציק געסט. געטאָ מיט גוטע געטאָ־שמועסן. דער טיש איז געווען פּרעכטיק. זיי האָבן מיר געוואָלט פאַרשאַפן דעם גרעסטן נחת וואָס זיי האָבן געקענט. און דער בעל־הבית האָט, צווישן די פיל באַגריסונגען פון די אַנדערע, געהאַלטן אַ שיינע רעדע פון אַ גאַסט־געבער מיט אמתער אַלט־אידישער איידלקייט. ער האָט געזאָגט: „מיר זיינען דאָ אַלע היינט גליקלעך, אָבער איך בין דער גליקלעכסטער, ווייל איך האָב דעם גאַסט אונטער מיין דאַך״.

ווייזט אויס, אַז אים האָבן נאָך איבערגעשטיגן די ניט־געבעטענע געסט, וועלכע האָבן זיך באַוויזן פּלוצלונג דרויסן אין דער נאַכט, פאַר דער וועראַנדע, הינטער די פאָרהאַנגען. אָרעמע אינגלעך און מיידלעך פון ווילנע, וועלכע זיינען געגאַנגען צוויי שעה צו־פוס, בכדי מיך צו זען ביים טיש.

זיינען זיי געשטאַנען דרויסן, האָבן אונז געזען ביים עסן און האָבן זיך צוגעהערט צו די רעדעס. און זיי האָבן באַזאָרגט די מוזיק פאַר דעם מאָלצייט, זינגענדיק העברעאישע לידער. בן־יעקב, דער אמתער איידעלער בעל־הבית, איז געווען אַזוי גוט צו געבן צו עסן אויך די דאָזיקע ניט־גערופענע געסט.

און איינער פון די יונגע אַרבעטער מיט אַ בלויער בלוזע, וועלכער איז מיר געוואָרן באַזונדערס אויפפאַלנדיק מיט די האַרטע, אַנטשלאָסענע אויס־דרוקן פון זיין פּנים, אַזוי אַז איך האָב אים אָנגענומען פאַר איינעם פון די רעוואָלוציאָנערע „בונדיסטן״ — האָט מיך איבערראַשט, ווען ער האָט, מאַכנ־דיק אַ „לחיים״, אויפגעהויבן זיין כוס פאַר דער תקופה, ווען „המלך הערצל״ וועט הערשן. די דאָזיקע לעכערלעכקייט האָט אָבער מערקווירדיק אויסגענומען אין דער דאָזיקער פינצטערער רוסישער נאַכט.

מיר זיינען צוריקגעפאָרן. און איינס אַזייגער ביינאַכט זיינען מיר פון האָטעל געפאָרן צו דער באַן. די שטאָט איז געווען וואַך, ווייל זי האָט אָפּגעוואַרט מיין אָוועקפאָרן. אויף די גאַסן, דורך וועלכע מיר האָבן געמוזט דורכפאָרן, זיינען געשטאַנען און געגאַנגען מענטשן, וועלכע האָבן אויסגערופן „הידד!״ ווען זיי האָבן מיך דערקענט. אַזוי אויך פון די באַלקאָנען. אָבער נאָענט פון וואָקזאַל, וואו די מאַסע איז געוואָרן געדיכטער, איז ליידער געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דער ברוטאַלער פּאָליציי, וועלכע האָט געהאַט אַ באַפעל אָפּצורייניקן דעם וואָקזאַל. דאָס איז געווען אַ געוויינטלעכע רוסישע פּאָליציי־

מאַנעווער, וואָס איך האָב צוגעזען מיט עקל, ווען מיין קאַרעטע איז גיכער צוגעפאָרן צום וואָקזאַל. אויף די „הידד"־אויסרופן זיינען געקומען אַלס ענטפער ברוטאַלע אויסגעשרייען פון די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אויף דער מאַסע, וועלכע האָט זיך געשטופּט צו מיר. און מיין קוטשער האָט צוגע־טריבן די פערד.

דריי פּאָליציי־אָפיצירן זיינען געשטאַנען ביים אָפּגעשלאָסענעם אַריינגאַנג צום וואָקזאַל. דער עלטסטער, מיט אַ ווייסער באָרד, האָט מיך באַגריסט מיט אַן אונטערטעניקער העפלעכקייט.

אַ קליינע גרופּע פון אַרום פופציק־זעכציק פריינט האָט זיך פונדעסטוועגן אַריינגעשמוגלט אין וואָקזאַל. מיט זיי בין איך געשטאַנען און געפירט אַ שטיל גע־שפּרעך, ווען אַ פּאָליציי־אָפיציר איז אַריינגעקומען פון בופעט־זאַל, קלינגענדיק מיט זיין שווערד, און הינטער אים איז נאָכגעגאַנגען אַ סערזשאַנט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים טיש הינטער אונז, ווי אויף אַן אָבסערוואַציע־פּאָסטן, און האָט אונז נאָכגעקוקט. ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע פריינט און האָב אַראָפּגענומען דעם הוט, האָט ער זיך אויך פּאַרנויגט, מיט רעספּעקט.

איז עס געווען אַ באַפעל פון פּעטערבורג מיך צו באַשיצן, אָדער דאָס אַלץ איז געשען צוליב דער געהיימער שרעק פון די פּאָליציי־אָפיצירן פאַר די מאַסן?

אין דער פרי האָט אין איידקונען מיך אָפּגעוואַרט אַ גרופּע ציוניסטן פון דער רוסישער גרענעץ.

נאָך אַ רעדע און אַ בוקעט.

דאָס איז געווען רוסלאַנד.

באַזעל, 22טן אויגוסט 1903.

דער זעקסטער קאָנגרעס (אוגאַנדע־קאָנגרעס).

דער אַלטער הו־האַ און טומל.

איך האָב שווערע האַרץ־ווייטיקן פון פאַרמאַטערונג.

ווען איך וואָלט געטאָן דאָס אַלץ וואָס איך טו, בכדי צו קריגן אַ דאַנק — וואָלט איך געווען אַ גרויסער נאַר.

נעכטן האָב איך איבערגעגעבן מיין באַריכט דעם גרויסן אַקציאָנס־קאָמיטעט. איך האָב גערעדט וועגן ענגלאַנד און רוסלאַנד. און עס איז ביי קיינעם פון זיי אפילו אויף אַ רגע ניט דורכגעלאָפן די מחשבה, אַז עס קומט מיר אַ וואָרט פון דאַנק, זאָל זיין בלויז אַ שמייכל, פאַר די גרעסטע פון אַלע ביז איצטיקע אויפטוען.

להיפוך, די הערן (וויקטאָר) יאַקאָבסאָן, (גריגאָרי) בעלקאָווסקי און (יחיאל) טשלענאָוו האָבן מיך „באַלוינט" מיט אַ האָגל פון פאָרוואורפן.

אין באַן־וואַגאָן צווישן אישל און אַוסזעי, 1טן סעפּטעמבער 1903.

מיינע צוויי פעלערן אויף דעם זעקסטן קאָנגרעס זיינען געווען כאַראַק־טעריסטיש.

איידער עס איז דורכגעפירט געוואָרן די אָפּשטימונג וועגן דער מזרח־אַפריקע (אוגאַנדע)־פראַגע, האָב איך געזאָגט אויף אַ זיצונג פון גרויסן אַקציאָנס־

קאָמיטעט, צו וועלכן עס האָבן געהערט די אומגעהויער־פּאָפּולערע טשלענאָוו, כהן־בערנשטיין און זייערע חברים, אַז ווער עס וועט אָפּגעבן אַ נעגאַטיווע שטימ, וועט ניט קענען לענגער בלייבן אין אַקציאָנס־קאָמיטעט. אַלס רעזולטאַט איז זיי געווען אַלץ איינס, וואָס עס וועט געשען דערנאָך, און זיי זייַנען אַרויס פון קאָנגרעס־זאַל — וואָס האָט געבראַכט צו דער גרויסער סצענע.

מיין צווייטער טעות איז געווען, וואָס איך האָב אַרויסגעשטעלט מאָנטעפיאָרען אַלס רעדנער ביי דעם דאָזיקן פּונקט, אַנשטאָט אַ דערפאַרענעם אָראַטאָר, וועלכער זאָל זיי (די טשעלאָוו־אָנהענגער) קענען האַלטן אין זאַל. דער גוטער סער פרענציס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט אויך געשטאַנען אויף דער זייט פון דער אָפּאָזיציע, וואָס האָט פאַרלאָזן דעם זאַל, בעת פאַקטיש איז עס ניט אַזוי געווען.

אָבער סער פרענציס (מאָנטעפיאָרע) איז נאָך דעם אַרויסמאַרש פון טשלענאָווס אָנהענגער געווען בראַוו גענוג מיר צו דערלויבן, אַז איך זאָל אים שיקן אין דער ערשטער פייער־ליניע. ווייל ער איז פון אַן אומפאַרגלייכלעך־פיינערן טיפּ, ווי די דאָזיקע קליינלעכע פּאָליטיקער פון אַקציאָנס־קאָמיטעט, וועלכע זיינען אין אָנהויב געווען אַלע פאַר אָננעמען באַלד דעם מזרח־אַפריקע־פאָרשלאָג און האָבן שפּעטער דראַמאַטיש אַרויסמאַרשירט פון זאַל, ווי זיי וואָלטן געטראָפן געוואָרן אין זייערע טיפסטע געפילן.

אין אַקציאָנס־קאָמיטעט האָבן זיי געשטימט קעגן פאַרעפנטלעכן פּלעוועס בריוו — וואָס איך האָב פונדעסטוועגן שפּעטער דורכגעפירט.

ווין, 4טן דעצעמבער 1903.

דער רוסישער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, באַזונדערס אוסישקין, יאַקאָבסאָן, און די אַנדערע זיינען אַרויס אין אַן אָפענעם רעוואָלט.

זיי ווילן מיר שטעלן אַן אולטימאַטום, אַז איך זאָל אָוועקגיין (פון דעם פּלאַן) פון מזרח־אַפריקע. — — — זיי האָבן באַקומען אַלע שלעכטע אייגנשאַפטן פון פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער.

איך וועל מאָביליזירן קעגן זיי די מאַסן. איך האָב שוין געשיקט אינסטרוקציעס צו אַווינאָוויצקין (ציוניסטישער פירער אין רוסלאַנד, וועלכער איז געווען אויף הערצלס זייט אין אוגאַנדע־קריזיס) אין אָדעס. — — —

ווין, 27טן דעצעמבער 1903.

פון אַ בריוו צו פּלעווען:

„דערלויבט מיר אייך צו דאַנקען אויפריכטיק פאַר אויפנעמען אַזוי גוט מיין פריינט דר. נ. קאַצענעלסאָן. ער האָט מיר אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון זיין געשפּרעך מיט אייער עקסצעלענץ. — — —

„איך וויל דאַנקען אייער עקסצעלענץ פאַר דער צוגעזאָגטער הילף אין דער פראַגע פון דער רוסישער אָפּטיילונג פון אונזער אידישער קאָלאָניאַל־באַנק. — — — אַלס רעפּרעזענטאַנטן האָב איך דעם כבוד פאָרצושלאָגן:

דר. נ. קאַצענעלסאָן, ליבוי;

דר. מ. מאַנדעלשטאַם פון קיעוו;

ה׳ יאַסינאָווסקי, אַדוואָקאַט אין וואַרשע;
ה׳ ל. שאַליט, סוחר אין ריגע;
ה׳ בן־יעקב, סוחר אין ווילנע;
ה׳ לואי לעווי, אינזשעניר אין קורסק;
ה׳ ריינעס, רב אין לידע.

„דער לעצטער רעפּרעזענטירט דעם אָרטאָדאָקסישן עלעמענט. אַלע זיבעצן ערלעכע מענטשן און פאַרדינען דעם אַבסאָלוטן צוטרוי. — — —"

# דוד וואָלפסאָן

דוד וואָלפסאָן (1856 — 1914) דער טראַדיציאָנעלער ליטווישער איד, דער רייכער האָלץ־סוחר אין קעלן; דער ציוניסט מיטןברייטן וואַרעמן האַרץ און גרויסן שאַרפן מוח — איז געווען הערצלס ליבלינג אין משך פון אַלע יאָרן פון זייער צוזאַמענאַרבעט. דער „גוטער דאָדע" האָט אים הערצל גערופן מיט פיל צערטלעכקייט. איינער פון הערצלס ערשטע אָנהענגער אין דייטשלאַנד, איז דוד וואָלפסאָן שוין אויפן ערשטן קאָנגרעס אין באַזעל געווען נאָך הערצלען און נאָרדוין די אָנגעזעענסטע פיגור. שפּעטער, ווען די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן, האָט וואָלפסאָן גענומען אויף זיך די שווערסטע שליחותן און האָט געטאָן פאַר הערצלען די אומדאַנקבאַרסטע אַרבעטן.

דוד וואָלפסאָן האָט באַגלייט הערצלען אויף זיינע רייזעס קיין טערקיי און ארץ־ישראל. צוזאַמען מיט הערצלען איז ער געווען ביי דער היסטאָרישער אוידיענץ ביים דייטשן קייזער ווילהעלם דעם צווייטן, דעם 2טן נאָוועמבער 1898. דוד וואָלפסאָן איז געווען הערצלס באַנקיר, נאָענטסטער ראַטגעבער, מיטהעלפער, מדריך אין אידישע ענינים. ער איז געשטאַנען נעבן הערצלען ווי אַ געטרייער שומר, אידייען־ברודער און מיטאַרבעטער ביז דעם לעצטן מאָמענט פון פריצייטיק־אויסגעלאָשענעם לעבן פון דעם מנהיג. און נאָך הערצלס טויט איז ער געוואָרן זיין נאָכפאָלגער אויף דעם אַמט פון פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

אַוסזעי (ביי ווין), 1טן אויגוסט 1896.

אַ בריוו פון דוד וואָלפסאָנען פון קעלן, וואָס איז געשיקט געוואָרן אָנהויב יולי קיין ווין, איז נאָר־וואָס מיר אַריינגעקומען אין האַנט. עס איז געווען אַ שאַרפע קעגנערשאַפט קעגן מיר ביי דער קאָנפערענץ פון די ציוניסטן אין בערלין. וואָלפסאָן איז געווען דער איינציקער, וועלכער האָט געהאַלטן מיט מיר. און מיט גרויס מי האָט ער פאַרהיט, אַז די ציוניסטן זאָלן אָננעמען אַן אָפענע שטעלונג קעגן מיר. פונדעסטוועגן זיינען הירש הילדעסהיימער און ווילי באמבוס געווען גרייט זיך צו באַגעגענען מיט מיר אין קעלן — אָבער איך האָב דורכגעלאָזט די געלעגנהייט.

איך האָב געענטפערט וואָלפסאָנען, אַז די פיינטלעכע אַקטן מצד די ציוניסטן קענען מיך דערפירן דערצו, אַז איך זאָל אַוועקוואַרפן דעם גאַנצן עניק.

אויף דער שיף פון האָלאַנד קיין ענגלאַנד, 2טן אָקטאָבער 1898.

וואָלפסאָן האָט געוואָרט אויף מיר נעכטן אין האַג. דערווייל האָב איך ניט אים און ניט יאַקאָבוס העגריקוס קאָן — צו וועמען איך בין געפאָרן קיין האַג אין פאַרבינדונג מיט דער באַנק — ניט דערציילט וועגן דעם אינהאַלט פון דעם בריוו פון פירשט פיליפּ אוילענבורג (דייטשער אַמבאַסאַדאָר אין ווין, הערצלס אַ פריינט. אין דעם בריוו האָט אוילענבורג געשריבן הערצלען, אַז קייזער ווילהעלם איז אים גרייט אויפצונעמען אין ירושלים. דער דייטשער קייזער האָט זיך דאַן געגרייט צו זיין רייזע קיין ארץ־ישראל). איך בין געווען בוכשטעבלעך צערודערט.

ערשט אין אָוונט, ביים נאַכט־עסן, האָב איך פאַרטרויט וואָלפסאָנען און קאָנען דעם אינהאַלט פון אוילענבורגס בריוו. פריער האָב איך געפרעגט קאָנען, ווי שטאַרק ער איז איבערגעגעבן אונזער באַוועגונג. און ווען ער האָט מיר פאַרזיכערט אין זיין פולער געטריישאַפט, האָב איך ביי ביידע גענומען זייער ערן־וואָרט און אַ תקיעת־כף. דאַן האָב איך זיי איבערגעלייענט דעם בריוו. צוליב דעם, וואָס אין בריוו רעדט זיך וועגן אַ „דעפּוטאַציע", וואָס דער קייזער איז גרייט אויפצונעמען, בין איך געווען באַרעכטיקט זיי צו דערציילן וועגן דעם, ווייל איך האָב בדעה זיי ביידן מיטצונעמען מיט מיר. דער בריוו האָט אויף זיי ביידן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק.

היינט אין דער פרי האָב איך געשיקט אוילענבורגן אַן ענטפער, ניט אין דער פאָרעם פון אַ בריוו, נאָר אַלס אַ טעלעגראַמע, אַדרעסירט צו וואָלפסאָנס שותף, בערנשטיין, אין קעלן. ער וועט עס איבערטעלעגראַפירן צו אוילענבורגן.

אויף דער שיף „אימפּעראַטאָר ניקאָלאַי דער צווייטער" אין מאַרמאָר־ים 19טן אָקטאָבער 1898, דריי אַזייגער נאָכמיטאָג.

דאָס איז מיין ערשטע געלעגנהייט צו פאַרשרייבן די געשעענישן פון נעכטן. — — —

וואָלפסאָן איז צוריקגעקומען פון סולטאַנס פּאַלאַץ האַלב נאָך צוויי ביי מיטאָג. ער האָט דורכגעפירט דעם ענין אויסגעצייכנט. ניט קענענדיק קיין טערקיש אָדער פראַנצויזיש, האָט ער זיך דורכגעשלאָגן דורך דער פּאַלאַץ־וואַך און איז אַריינגעדרונגען אינעווייניק ביז צו דער קוואַרטיר פון הויף־מאַרשאַל, פירשט אויגוסט אוילענבורג (וועלכער האָט באַגלייט דעם דייטשן קייזער). וואָלפסאָן האָט אַריינגעשיקט אוילענבורגן זיין וויזיט־קאַרט, אויף וועלכער ער האָט אָנגעשריבן: „אין דער געזעלשאַפט פון דר. הערצל". אוילענבורג איז גלייך אַרויסגעקומען, האָט אים געבעטן אַריינגיין אינעווייניק, האָט פאַרמאַכט די אינעווייניקסטע און די דרויסנדיקע טיר, נאָכדעם ווי ער האָט זיך גוט אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן, און האָט גענומען מיינע צוויי בריוו.

„עס איז גוט, וואָס איר זענט דאָ" — האָט ער געזאָגט — „איך וועל גלייך איבערגעבן דעם בריוו צו זיין מאַיעסטעט. ווען איז דר. הערצל אָנגעקומען?"

„מיט עטלעכע טעג צוריק" — האָט וואָלפסאָן געענטפערט.

אוילענבורג האָט באַמערקט, אַז ער האַלט אין זיין האַנט נאָך אַ דריטן בריוו:

„האָט איר נאָך עפּעס? איך קען אויך דאָס איבערגעבן".

וואָלפסאָן: „דאָס איז אַ בריוו צו זיין עקסצעלענץ פאָן בילאָוו". (דייטשער אויסערן־מיניסטער).

אוילענבורג האָט דעם בריוו גלייך צוריקגעגעבן וואָלפסאָנען: „בעסער, אַז איר זאָלט אים אַליין איבערגעבן". ער האָט באַגלייט וואָלפסאָנען אין קאָרי־דאָר, וואו ער האָט אים צוגעפירט צו אַן אַדיוטאַנט, וועלכער האָט אָנגעוויזן וואָלפסאָנען אויף דער טיר פון בילאָווס צימער.

בילאָוו איז אַרויסגעקומען מיט אַ ברייטער מינע, האָט גענומען דעם קאָנ־ווערט, האָט אים געעפנט און אויסגערופן: „זייער שיין!"

„אויף ווידערזען, אייער עקסעלענץ" — האָט וואָלפסאָן געזאָגט.

„אויף ווידערזען!" — האָט בילאָוו זיך אָנגערופן און גיך פאַרשוואונדן.

נאָך וואָלפסאָנס באַריכט — וואָס האָט באַשטעטיקט בילאָווס קעגנערשאַפט און אוילענבורגס פריינטלעכע שטעלונג, אויף וועלכער איך האָב זיך שוין פריער אָנגעשטויסן — האָב איך געוואַרט מיט מער צוטרוי אויף אַ צייכן אָדער אַ וואָרט פון קייזער.

פּלוצלונג, אַ פערטל נאָך דריי, איז אַריינגעקומען דער האָטעל־דינער, אין גרויס אײַלעניש: „אונטן איז פאַראַן עמעצער, וואָס האָט געבראַכט אַ מיטטיילונג פון זיין מאַיעסטעט". איך בין אַריינגעקראָכן אין מיין גרויען פראַק, און מיינע פריינט זיינען אַרויס פון סאַלאָן־צימער.

אָבער עס איז געווען בלויז אַ בריוו־קוריער אָדער אַ געהיים־אַגענט, וועלכער האָט מיר איבערגעגעבן אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַ פּאָר ווערטער, וואָס האָבן זיך געלייענט: „טעאָדאָר הערצל דאַרף זיך מעלדן 4:30 צו זיין מאַיעסטעט; אין „אילדיז" (סולטאַנס פּאַלאַץ)".

מיינע פריינט זיינען געוואָרן אינגאַנצן צערודערט. — — — איך האָב זיך אָנגעטאָן מיט פיל זאָרג. דער אָפּגלאַנץ פון מיינע הענטשקעס איז געווען אַ באַזונדערס גוטער: דעליקאַט־גרוי. איך האָב געבעטן וואָלפסאָנען, ער זאָל מיך באַגלייטן. — — — וואָלפסאָן האָט מיטגענומען מיט זיך אַ קליידער־בערשטל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

(נאָך דער אודיענץ ביים קייזער).

איך בין אַריין אין דער קאַרעטע, וואו וואָלפסאָן האָט געוואַרט אויף מיר מיט גרויס שפּאַנונג. מיר זיינען געפאָרן דורך די גערטנער פון סולטאַנס פּאַלאַץ. מיין גוטן פריינט האָב איך געזאָגט בלויז עטלעכע ווערטער, אַז די אודיענץ איז געווען אַ געלונגענע, און אַז מיר וועלן אויפגענומען ווערן אין ארץ־ישראל (דורכן קייזער).

שנירער (דר. מאָריץ שנירער, הערצלס אַ נאָענטער פריינט), באָדענהיימער (מאַקס באָדענהיימער, איינער פון די ערשטע פּאָליטישע ציוניסטן אין דייטש־לאַנד) און זיידענער (יוסף זיידענער, אַ רוסישער חובב ציון, וואָס האָט זיך באַזעצט אין ווין) — האָבן אַלע געוואַרט אומגעדולדיק אין האָטעל דע לאָנדר.

איך האָב זיי אַריינגערופן אין אַ צווייטן צימער און האָב זיי געגעבן אַ קורצן באַריכט. איך בין געווען אינגאַנצן אויסגעמאַטערט פון דער אומגעהויערער פסיכישער אָנשטרענגונג אין דעם טאָג. און איך האָב נאָך געדאַרף אָנשרייבן דעם שווערן און וויכטיקן מעמאָראַנדום פאַר בילאָוון. איך האָב געאַרבעט ביז עלף אין אָוונט. אין דער צייט האָט וואָלפסאָן איינגעפּאַקט מיינע וואַ־ליזעס. — — —

אין דער פרי בין איך אויפגעשטאַנען זעקס אַזייגער און האָב געענדיקט שרייבן, וואָס איך האָב נאָך געקענט, ביז האַלב נאָך אַכט, ווען איך האָב אַוועקגעשיקט צו בילאָוון דעם מעמאָראַנדום מיט אַ באַגלייט־בריוו. דערווייל האָט וואָלפסאָן אַלץ צוגעגרייט פאַר אונזער אָפּפאָר. אַלץ, וואָס איך האָב גע־דאַרפט טאָן, איז פאָרן צום האַפן און אַריינזעצן זיך אין שיף.

ירושלים, 29טן אָקטאָבער 1898.

מיר זיינען נעכטן פאַרמיטאָג אַוועקגעפאָרן פון ראשון לציון. אַ האַלבע שעה וועג פון דאָרטן געפינט זיך דאָס אידישע דאָרף וואַד־על־כאַנין (נס ציונה). דאָרט איז די גאַנצע באַפעלקערונג אַרויסגעקומען אונז אַנטקעגן, אויפצונעמען אונז. די קינדער האָבן געזונגען. אַן אַלטער מאַן האָט מיך באַגריסט מיט ברויט און זאַלץ און ווייַן פון אייגענעם באָדן. איך האָב געמוזט באַזוכן כמעט אַלע הייזער פון די קאָלאָניסטן.

מיר זיינען ווייטער געפאָרן. אַ קאַוואַלקאַדע איז אונז אַנטקעגנגעקומען מיט שטורעם פון דער קאָלאָניע רחובות. אַרום צוואַנציק יונגע בחורים האָבן אויס־געפירט אַ מין פאַנטאַזיע־טאַנץ, האָבן געזונגען העברעאישע לידער און אַרומגערינגלט אונזער וואָגן. וואָלפסאָן, שנירער, באָדענהיימער און איך האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן, ווען מיר האָבן געזען די דאָזיקע פלינקע, מוטיקע רייטער, אין וועלכע מען קען פאַרוואַנדלען אונזערע בחורים, די הענדלער מיט אַלטע הויזן. „הידד!" — האָבן זיי געשריגן און געטראָגן זיך אויף זייערע אַראַבישע פערדלעך ווי אַ ווינט איבערן גאַנצן פעלד. — — —

אין רחובות — נאָך אַ גרעסערער עולם. דאָס גאַנצע שטעטל האָט אונז אָפּגעוואַרט. די קינדער האָבן געזונגען. מיט אַרעמע מיטלען — אַ פירשט־לעכער קבלת פּנים. — — —

קיין יפו זיינען מיר אָנגעקומען אויסגעמאַטערט. — — — איך האָב געבעטן זאָגן דעם הויף־מאַרשאַל פירשט אוילענבורג, אַז מיר וועלן אָפּוואַרטן דעם קייזער צומאָרגנס אין דער פרי אויפן שאָסיי, דרויסן פון מקוה ישראל.

באַלד אין דער פרי זיינען מיר אַרויסגעפאָרן אויפן וועג קיין מקוה ישראל. — — —

אַרום ניין אַזייגער האָט אַ באַוועגונג אויפן שאָסיי, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ געמישטן המון פון אַראַבישע בעטלער, פרויען, קינדער און רייטער, אָנגעזאָגט דאָס קומען פון קייזערלעכן פאַראַד. טערקישע רייטער, וועלכע האָבן אויסגעזען זייער ערנסט, זיינען אָנגעקומען די ערשטע, מיט צעלאָזענע בייטשן, דראָענדיקע וואָפן און נאָך מער דראָענדיקע בליקן. דאַן זיינען אָנגעקומען די פאָדערשטע רייטער פון קייזער. און דערנאָך אין אַ גרוי־געקליידעטער

גרופּע, מיט עטלעכע דאַמען — דער קייזער אַליין. איך האָב געגעבן מיט דער האַנט אַ צייכן דעם שול־כאָר פון מקוה ישראל אָנצוהויבן זינגען „הייל דיר אים זיגערקראַנץ". איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט אויף איינער פון די אַקער־מאַשינען און האָב אַראָפּגענומען מיין קאָרקענעם הוט, וואָס האָט מיך באַשיצט קעגן דער זון. דער קייזער האָט מיך דערקענט שוין פונדערווייטנס.

ער האָט געשמייכלט און האָט אַ בליק געטאָן צו מיר מיט זיינע קעניג־לעכע אויגן:

„ווי גייט עס אייך?

„אַ דאַנק מאַיעסטעט. איך קוק אָן דאָס לאַנד. ווי איז געווען אייער מאַ־יעסטעטס רייזע ביז איצט?"

ער האָט געבלינצט מעכטיק מיט די אויגן:

„זייער הייס. אָבער דאָס לאַנד האָט אַ צוקונפט".

„פּאָרלויפיק איז עס נאָך קראַנק", האָב איך געזאָגט.

„וואַסער דאַרף עס, פיל וואַסער" — האָט ער געזאָגט, אַראָפּרעדנדיק צו מיר פון פערד, אויף וועלכן ער איז געריטן.

„יאָ, מאַיעסטעט! קאַנאַליזירונג אין אַ גרויסן מאַסשטאַב!"

ער האָט נאָכאַמאָל געזאָגט: „עס איז אַ לאַנד פון דער צוקונפט!"

אפשר האָט ער געזאָגט נאָך עפּעס, וואָס איך האָב שוין איצט פאַרגעסן, ווייל דאָס געשפּרעך האָט געדויערט עטלעכע מינוט. דאַן האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צו מיר, און איז אין גאַלאָפּ אַוועקגעריטן.

דער בראַווער וואָלפסאָן האָט אויפגעכאַפּט צוויי מאָמענט־פאָטאָגראַפיעס פון דער סצענע. אַזוי ווייניקסטנס האָט ער געגלויבט. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן שטאָלץ אויף זיין קאָדאַק און געזאָגט: „דעם פילם וועל איך ניט אַוועקגעבן פאַר צען טויזנט מאַרק".

אָבער ווען מיר זיינען געקומען קיין יפו צום פאָטאָגראַף און האָבן געלאָזט אַנטוויקלען דעם פילם, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויף דער ערשטער אויפנאַמע קען מען זען נאָר דעם שאָטן פון קייזער און מיין לינקן פוס. דער צווייטער פילם האָט זיך אינגאַנצן ניט איינגעגעבן.

ירושלים, 2טן נאָוועמבער 1898.
אַכט מינוט נאָך איינס אַזייגער.

מיר זיינען שוין דאָ צוריק פון דער אוידיענץ.

דער דאָזיקער קבלת פּנים וועט פאַרבלייבן אין דער געשיכטע אויף אייביקע צייטן, און עס איז ניט אוממעגלעך, אַז ער וועט אויך האָבן היסטאָרישע קאָנסעקווענצן. אָבער ווי פּראָסט און פּשוט עס זיינען די איינצלהייטן פון דעם גאַנצן געשעעניש.

אין דער ברענענדיקער זון פון מיטאָג־צייט און אין דעם ווייסן שטויב זיינען מיר געפאָרן צו די געצעלטן. אַ פּאָר אידן אויף די גאַסן האָבן אונז אָנגעקוקט, ווען מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן. ביים אַריינגאַנג אין געצעלט האָט די טערקישע וואַך זיך געוואַקלט, איידער זי האָט אונז דורכגעלאָזט.

דאַן האָט מען אונז אַריינגערופן צום קייזער.

די פיר מענער זיינען אַריינגעקומען הינטער מיר אין דעם ברייטן געצעלט. איך האָב געפרעגט, צי איך דאַרף זיך פאָרשטעלן, און דער קייזער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַז איך זאָל עס טאָן. יעדעס מאָל, ווען איך האָב אויסגערופן אַ נאָמען, האָט ער צוגעלייגט זיין האַנט צום ראַנד פון זיין העלם.

דאַן האָב איך אויף איין בליק, וואָס איך האָב זיך אויסגעטוישט מיט בילאָוון, אַרויסגענומען מיין פּאַפּיר און געלייענט, אין אָנהויב מיט אַ געדעמפּטער און אַביסל ציטערנדיקער שטים, און שפּעטער וואָס אַמאָל לייכטער און פרייער. — — — נאָכדעם, ווי איך בין פאַרטיק געוואָרן, האָט גערעדט דער קייזער. ער האָט געזאָגט לפי־ערך אָט־וואָס:

„איך דאַנק אייך פאַר אייערע מיטטיילונגען, וועלכע האָבן מיך זייער אינטערעסירט. די פראַגע דאַרף אין יעדן פאַל נאָך גענויער שטודירט ווערן און דיסקוטירט ווערן מער אויספירלעך. — — — דאָס לאַנד נויטיקט זיך פריער פאַר אַלץ אין וואַסער און אין שאָטן. — — — די קאָלאָניעס, וועלכע איך האָב געזען, סיי פון די דייטשן און סיי פון אייערע לאַנדסלייט, קענען דינען אַלס מוסטער פאַר דעם, וואָס מען קען מאַכן פון דעם לאַנד. דאָס לאַנד האָט פּלאַץ פאַר אַלץ. איר דאַרפט בלויז שאַפן וואַסער און שאָטן. — — — אייער באַוועגונג, וועלכע איך קען גענוי, האָט אין זיך געזונטן געדאַנק".

„וואַסער קענען מיר אַריינברענגען אין לאַנד — האָב איך זיך אָנגערופן — „עס וועט קאָסטן מיליאַרדן, אָבער עס וועט אויך אַריינברענגען מיליאַרדן".

„נו, געלט האָט איר דאָך גענוג" — האָט דער קייזער אויסגערופן מיט אַ לוסטיקן טאָן, און האָט מיט זיין רייטער־בייטש זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין די שטיוול — „איר האָט מער געלט ווי מיר אַלע".

בילאָוו האָט גענומען אויסברייטערן דעם פּונקט: יאָ, געלט וואָס פאַרשאַפט אונז אַזויפיל שוועריקייטן, פאַרמאָגט איר גאַנץ היפּשלעך".

איך האָב דאַן אָנגעוויזן, וואָס מען וואָלט געקענט אויפטאָן מיט דער וואַסער־קראַפט פון ירדן און האָב אַריינגעצויגן אין געשפּרעך זיידענערן אַלס אַן אינזשעניר. — — — וואָלפסאָנען און באָדענהיימערן האָב איך ניט געקענט אַריינקריגן אין דעם געשפּרעך, ווייל דער קייזער האָט געשלאָסן די אוידיענץ, אויסשטערעקנדיק מיר נאָכאַמאָל די האַנט.

ביים אַוועקגיין האָב איך זיך אָנגערופן צו שנירערן (אויף פראַנצויזיש): „ער האָט ניט געזאָגט ניט „יאָ" און ניט „ניין".

ווין, 20טן דעצעמבער 1898.

די גרינדונג פון דער באַנק שלעפּט זיך און שלעפּט זיך, ביי לעכערלעכע שוועריקייטן. וואָלפסאָן טיילט מיר מיט, אַז ער האָט דורכגעפירט דעם פאָרמעלן אַקט פון דער גרינדונג.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל, 20טן מאַי.

דעם 18טן אין דער פרי האָב איך געהאַלטן ביים שרייבן צום סולטאַן, אַז איך פאַרלאַנג אַן אוידיענץ, ווען עס איז מיר געבראַכט געוואָרן אַ בריוו פון איבראַהים בעי (צערעמאָניע־מייסטער ביים סולטאַן) אַז איך דאַרף זיין 10:30 אין פּאַלאַץ. וואָלפסאָן און אָסקאַר מאַרמאָרעק זיינען געהאַט אַרויס־געגאַנגען אָפּנעמען די פּערציק טויזנט פראַנק פון דער באַנק. איך האָב איבער־

געלאָזט אַ וואָרט, אַז וואָלפסאָן זאָל וואַרטן אויף מיר, ביז איך וועל צוריק־קומען אין האָטעל, אָבער אָסקאַר דאַרף גיין צו נורין און אים זאָגן, אַז וואָלפסאָן האָט געמוזט בלייבן אין האָטעל ביז מיין צוריקקומען פון פאַלאַץ. ערשט נאָך מיין צוריקקומען וועט וואָלפסאָן גיין באַצאָלן די פופציק טויזנט פראַנק (נורין). — — —

שפּעטער איז נורי געקומען צו אונז אין האָטעל, באַגלייט דורך זיין אַד־יוטאַנט קרעספּי. וואָלפסאָן האָט געמאַכט שוועריקייטן וועגן דער קבלה, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט פון נורין אויף דעם געלט. דער ענין האָט געהאַלטן גאַנץ שמאָל ביים שרייב־טיש, ווען נורי האָט זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון געבן אַ קלאָרע באַשטעטיקונג. נורי איז געוואָרן אויפגעבראַכט, מאַכנדיק אַ מינע פון פאַר־וואונדעטער אומשולד, ווען וואָלפסאָן האָט ווייטער פאַרלאַנגט פון אים אַ קבלה, געשריבן אויף אַ וויזיט־קאַרט. איך האָב אויסגעגלייכט דעם סכסוך, ווען איך האָב געלאָזט נורין אונטערשרייבן אויף אַ פּאַפּיר, וואָס ער האָט געוואָלט.

דאַן איז ער אויפגעשטאַנען נאָך אַלץ אַ באַליידיקטער און האָט זיך אָפּ־געזאָגט זיך צוצורירן צו דעם דיקן פּעקל באַנקנאָטן: „גיט עס קרעספּין!“ — האָט ער געזאָגט. ער האָט אויסגעשטרעקט קאַלט די האַנט צו וואָלפסאָנען און איז אַוועקגעגאַנגען, אָנרופנדיק זיך צו מיר: „דער דאָזיקער הער וועט דאָ ניט מאַכן קיין גרויסע געשעפטן!“

אין וואַגאָן פון אָריענט עקספּרעס, דערנענטערנדיק זיך צו ווין
דעם 11טן יוני 1902 (צוריקפאָרנדיק פלוצלונג פון לאָנדאָן
נאָכן דערהאַלטן די ידיעה וועגן פּאָטערס טויט).

איצט וועל איך באַלד זיין אין ווין, וואו איך וועל האָבן דאָס „פאַרגעניגן“ ברענגען צו קבורה מיין פאָטער. וואָלפסאָן האָט געוואָלט אַריינקומען אין צוג אין קעלן און מיטפאָרן מיט מיר. איך האָב אים ניט געלאָזט. ער קען מיר גאָרניט העלפן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פראַנצעסבאַד, 6טן מאַי 1904 (פון אַ בריוו צו וואָלפסאָנען).

„— — — איך מאַך דורך אַ קוראַציע אויפן האַרצן. מיין מאַמע ווייסט גאָרניט. זי מיינט, אַז איך בין דאָ בלויז אויף אָפּרו. — — — טו ניט קיין נאַרישקייטן ווען איך וועל זיין טויט“.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דוד וואָלפסאָן, דאַנערשטיק, דעם 7טן יולי 1904, ביי דער לוויה פון הערצלען:

„איר האָט פאַרלאַנגט, אַז קיין שום רעדע זאָל ניט געהאַלטן ווערן ביי אייער קבר. פאַר אונז איז אייער ווילן הייליק. אָבער דאָ, ביי אייער רו־אָרט, שווערן מיר ביי אַלעם הייליקן, אַז מיר וועלן ווייטער פירן געטריי און מוטיק די גרויסע אַרבעט פאַר דער אויסלייזונג פון ישראל, וואָס איר האָט אַזוי גוט אָנגעהויבן. אונזערע איינציקע ווערטער וועלן זיין די שבועה פון דעם נביא: אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני!“